קינדערהיים, לאָזט זיך נישט אָפּלייגן, גיב איך די סומע אַ צושטייער אויף צו קויפן אַן אייגן הויז.



גן־הילדים ע״ש וו. מדם — מעדעם־קינדערהיים

דער חבר אברהם דאנילעוויטש מעלדעט דאָן, אַז אויך ער האָט אָנגעזאַמלט הונדערט זלאָטעס אויף צו קויפן אַ ווינטער־פּאַלטאָ. ער רעזיגנירט פון מלבוש און שענקט די סומע פאַרן קינדערהיים, פאַרן הויז־פאָנד. ענלעכע אָפּרופן האָבן דערמעגלעכט צו קויפן דאָס הויז פון די ברידער קאָן, אויף בלאָנקאָווא גאַס.

ביי אַ״נדז איז אויך געווען טעטיק די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אַרבעטער פרויען „יאַף״. זיי האָבן פיל געלייסטעט אויף אַלע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע געביטן, באַזונדער ביי דער אַרבעט לטובת דעם קינדער־היים.

די טעגלעכע בונדישע צייטונג, „פאָלקסצייטונג״ איז געלייענט געוואָרן פון פיל צענטליקער יידישע אַרבעטער משפחות, דער פאַרשפרייטער איז געווען דער ח׳ איטשע פרידלייב.

אין די „פרעסע־טעג״, ווען די חברים און צוקונפטיסטן האָבן אין די גאַסן פאַרשפרייט די צייטונג, איז די צאָל פאַרקויפטע עקזעמפּלאַרן געווען עטלעכע הונדערט.

דעם קאָלער „בונד״, איז אויסגעקומען צו פירן אַ שווערן אידעאישן קאַמף מיט די אַנדערע יידישע פאַרטייען. קאָלאָ איז נישט געווען קיין פאַבריקן־צענטער,

זי האָט אָבער געהאַט אַ באַוווּסטזיניקע און פאָרגעשריטענע זיך פראָלעטאַריזירנדע יוגנט. כמעט אַלע יוגנטלעכע האָבן אָנגעהערט צו אַוועלכע עס איז פאַרטיי. וואָך בייוואָך האָבן זיי באַזוכט רעפעראַטן און מיטינגען. עס פלעגן קומען רעפערענטן פון וואַרשע און נישט געלאָזט רוען. יעדע פאַרטיי האָט געוואָלט געווינען וואָס מער אָנהענגער, און ווען עס זיינען פאָרגעקומען וואַלן־אַקציעס, האָט אין שטאָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל.

די מאַכט האָט באַשווערט די נאָרמאַלע טעטיקייט פונם „בונד״, פאָליציי האָט שיקאַנירט און געזוכט וויאַזוי אונטערצולייגן אַ שטרויכלונג. אויף יעדע פאַרלעזונג איז געקומען אַ פאָליציאַנט און נישט איינמאָל, האָט ער באַשאָנקען די אונטערנעמער מיט פראָטאָקאָלן און שטראָפן. עס איז אַפילו דערגאַנגען צו אַרעסטן פון עטלעכע חברים. בשעת דער באַנייאונג פון אַ רויטער פאָן, האָט פאָליציי פאַרבאָטן דעם מאַרש איבער די גאַסן. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט דעם באַפעל נישט אויסגעפירט.

בעת דעם אומקום פון רוב פון פוילישן יידנטום, איז שווער געטראָפן געוואָרן אונדזער שטאָט. פאַרטריבן און פאַרפייניקט, אין די לאַגערן און אויף וואַנדערוועגן — דאָס איז געווען דער ערשטער עטאַפּ, דער צווייטער — אין די קרעמאַטאָריומס. ווייניק האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט און זיינען צעשפּרייט אין אַלע וועלט־טיילן.



קבוצת חברי „בונד״ בבית־הקברות — אַ גרופּע חברים פון „בונד״ אויפן בית־הקברות

אברהם הארטשיק

# יוגנט־בונד „צוקונפט"

מיט 60 יאָר צוריק, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן די פּאַרטיי פון יידישן אַרבעטער קלאַס, דער „בונד", איז אויך דאַן געווען טעטיק דער „קליינער בונד"; יינגע יידישע אַרבעטער־קינדער האָבן אָנטייל גענומען אין די דעמאָנסטראַציעס פון די גרויסע.

אַ באַזונדער אָרט אין דער סאָציאַליסטישער אויפקלערונגס אַרבעט ביי אונדז אין שטאָט האָט פאַרנומען די „צוקונפט". די אָרגאַניזאַציע מיטגלידער האָבן זיך רעקרוטירט אויסשליסלעך פון דער אַרבעטער יוגנט.

אין די 20־קער יאָרן האָט די „צוקונפט" צוזאַמען מיט דער „קולטור ליגע" אָרגאַניזירט די א. ג. „אָוונט קורסן" פאַר יוגנטלעכע און עלטערע יידישע אַרבעטער. מען האָט זיי געלערנט לייענען און שרייבן יידיש, ווי אויך אַנדערע קעגנשטאַנדן* די יוגנטלעכע אַרבעטער האָבן נאָך אַ לאַנגן אַרבעטס־טאָג אין די וואַרשטאַטן, זיך פלייסיק געלערנט און נישט פאַרפעלט צו קומען צו די לעקציעס.

## געזעלשאַפט „קולטור־ליגע"

די „קולטור־ליגע" איז געווען דער לעגאַלער נאָמען, אונטער וועלכער עס האָט זיך דאַן געפירט די עפנטלעכע און קולטורעלע אַרבעט פון „בונד" אין קאָלאָ.

ביי דער „קולטור־ליגע" האָט עקזיסטירט די „בראָניסלאַוו־גראָסער" ביבליאָטעק, וואָס האָט פאַרמאָגט עטלעכע הונדערט ביכער מיט אַ גרויסער צאָל לייענער. הויפּזעכלעך זיינען די לייענער געווען יינגע יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן דורך דער ביבליאָטעק זיך באַקאַנט מיט די שאַפונגען פון דער יידישער און אַלגעמיינער ליטעראַטור. אַקטיוו ביי דער אַרבעט אין דער ביבליאָטעק זיינען געווען די ח"ח: לייב גנאַטשיק, יעקב דאַנילעוויטש, הענעך גנאַטשיק און שאול גרינבוים.

## אויספלוגן און צוזאַמענפליען

אין זומער האָט די „צוקונפט"־יוגנט איינגעאָרדנט אויספלוגן מחוץ דער

---

* די לערער: מ. האַלטער — יידיש און יידישע ליטעראַטור; פויליש — טשאַרנאַז'יל; חשבון — גאָלדבערג.

שטאָט, אין וואַלד, אין די פעלדער ביים שלאָס, אָדער ביים טייך. אַרבעטער־לידער פלעגן פאַרהילכן דעם אַרום. טיילמאָל זיינען די אויספלוגן געווען בשותפותדיקע מיט דער אָרגאַניזאַציע פון טורעק, אָדער מיט דער „צוקונפט" פון דאַמביע און גראַבאָוו. מען האָט זיך געטראָפן אין האַלבן וועג און פאַרברענגט אַ גאַנצן טאָג אין וואַלד מיט שפּילערייען און זיך צוגעהערט צו די קולטור־שמועסן.

די קאָלער „צוקונפטיסטן" האָבן אויך אָנטייל גענומען אין די צוזאַמענפליען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין קרושניעוויץ, קוטנאָ, קאַליש, וולאָצלאַוועק און אינם לאַנדעס צוזאַמענפלי אין וואַרשע.

אין קאָלאָ זיינען פאָרגעקומען צוויי „צוקונפט"־צוזאַמענפליען: איינער אין זומער 1930, און דער צווייטער — אין יאָר 1933. אין זיי האָבן זיך באַטייליקט די „צוקונפטיסטן" פון די שטעט און שטעטלעך: קאַליש, קוטנע, קרושניעוויץ, קאָנין, גראַבאָוו, דאַמביע, קלאָדאַווע און סאָמפּאָלנע. די יוגנטלעכע האָבן פאַרברענגט עטלעכע טעג אויף צוזאַמענטרעפן, דורכגעפירט פאַרשיידענע ספּאָרט־פאַרמעסטונגען. אויף אַ געשלאָסענעם צונויפקום האָבן זיי באַריכטעט וועגן דער דערציונגס אַרבעט אין די אָרגאַניזאַציעס און וועגן קאַמף צו פאַרבעסערן די אַרבעטס באַדינגונגען.

אימפּאָזאַנט איז געווען די 1־טע מאַי דעמאָנסטראַציע. די „צוקונפטיסטן" האָבן מאַרשירט אין די ערשטע רייען און געטראָגן רויטע שטורם־פענער. אַלע זיינען געווען אָנגעטאָן אין בלויע בלוזן און געטראָגן רויטע קראַוואַטן. זייער געזאַנג האָט פאַרהילכט די גאַסן. ווען די מאַי דעמאָנסטראַציעס זיינען פאַרבאָטן געוואָרן, האָבן זיי פאַרבראַכט דעם דאָזיקן טאָג אין געשלאָסענע לאָקאַלן, קיינמאָל נישט אויפגעהערט פייערן דעם אַרבעטער יום־טוב.

### „מאָרגנשטערן"

די „צוקונפט" האָט אויך אָרגאַניזירט אַ ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן". מיט דער אַרבעט האָט אָנגעפירט דער אינסטרוקטאָר ח' עלבוים, שפּעטער פלעגט אונדז באַזוכן דער ח' קושמירערסקי פון לאָדזש.

דער קאָלער „מאָרגנשטערן" האָט געהאַט צוויי גוטע איינשטודירטע גרופּן פון פּינג־פּאָנג און נעץ־באַל, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף די פאַרמעסטונגען מיט אַנדערע ספּאָרט־קלובן. דער אַקטיוו פון „מאָרגנשטערן": חיים רפאל רויך, שמעון גרינבוים, אברהם הארטשיק, חנא שיע, שמואל ווייס, משה לייזער ענגעל און תנחום דאַנילעוויטש.

אויך אונטער דער נאַצישער הערשאַפט האָבן די בונדיסטן געפירט אַ געווויסע טעטיקייט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט געהאָלפן



הסתדרות הנוער הבונדאי „צוקונפט" — יוגנט בונד אָרגאַניזאַציע „צוקונפט"

אונדזערע חברים, פאַרשיקטע אין לובלינער געגנט. מען האָט זיי געשיקט פעקלעך שפּייז און קליידער. דער קאָמיטעט האָט אויך איינגעאָרדנט אומלעגאַלע 1־טע מאי פייערונגען אין די יאָרן 1940 און 1941. דעם 1־טן מאי 1940 איז די פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען אין דער וווינונג פון ח' איטשע פּיזיצקי; אין 1941 — אין דער וווינונג פון די ח"ח פאלע און אריה קיגעל. דורכן פענצטער האָט מען אָבסערווירט, צי עס קומען נישט אָן קיין נאציס. די רעדנער האָבן גערופן די פאַרזאַמלטע אויסצוהאַלטן די שלעכטע צייטן,

אויך אין די פּויזנער לאַגערן האָבן די בונדיסטן זיך געהאַלטן צוזאַמען. אַ פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען, געווידמעט דעם יובילעאום פון „בונד". אין לאַגער „רעמו" האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג 22 בונדיסטן פון די שטעט און שטעטלעך: קאָלאָ, טורעק, גראבאוו און אוניעיוו. אויף די טישן — 2 שיסלען זויער קרויט, עטלעכע ראַציעס ברויט און אַ פּאָר פלעשלעך סאָדע־וואַסער, דאָס איז געווען דער כיבוד. צו די פאַרזאַמלטע האָבן גערעדט: שיע ציטעס (טורעק), מאיר ארקאוויטש און איטשע פּיזיצקי. תנחום דאנילעוויטש האָט רעציטירט איינהארנס ליד „מיט דער שבועה פון בונד".

דער רוב פון די לאַגעריסטן זיינען אומגעקומען אויף פאַרשיידענע אופנים. איך, איינער פון די לעבנסגעבליבענע, וועל נישט פאַרגעסן דעם וועג פון אַרבעט און קאַמף, וואָס עס האָבן געפירט די חברים אין מיין היימשטאָט.

**כבוד זייער אָנדענק.**



**הקצב היהודי עם העגל — אַ יידישער קצב מיטן קעלבל** הארדי דאַניעלס



**יהודי בא לכפר — אַ ייד איז געקומען אין דארף** הארדי דאַניעלס

מרדכי זאלקינד

# דער אָנהויב פון די פועלי־ציון

אין יאָר 1916 האָט זיך פון דער „צעירי־ציון" אויסגעטיילט אַ גרופּע חברים, וועלכע האָבן נישט געפונען קיין פּאַרענטפערונג אין פּראָגראַם פון דער דאמאָלסדיקער ציוניסטישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די גרופּע האָט געציילט 10 מאַן (כמעט אַלע שניידערס) און אָרגאַניזירט די „פועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע אין קאָלאָ.

אייגנטלעך איז דאָס נישט געווען דער אָנהויב. שוין אין די יאָרן 1907—1908 איז געשאַפן געוואָרן דאָס ערשטע „פועלי־ציון" קעמערל. צווישן די ערשטע זיינען געווען ווראנא און וואָלקאָוויטש, אָבער זיי האָבן נישט באַוויזן צו פּאַרוואָרצלען די נייע פּאַרטיי אין דער געזעלשאַפט.

איינמאָל, אין אַ שבת, איז געקומען קיין קאָלאָ אַ בחור און געפרעגט „ווער איז דאָ אַ פועלי־ציוניסט?". מ'האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ גרופּע חברים. ווי עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, איז ער געווען אַ חבר פון דער וואַרשעווער „פועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע. זיין פאַמיליען נאָמען איז געווען סאָמעט.

ער איז צו אונדז געקומען פון סאמפּאלנע, אַ שכנותדיק שטעטל, וווּ ער האָט אָנגעפירט מיט אַ יידישער שולע.

פון צייט צו צייט האָט ער באַזוכט קאָלאָ און אָנגעפירט מיט גרופּן פאַרזאַמלונגען, אויפגעקלערט די וועגן און צילן פון די „פועלי־ציון". די פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען אין „לאסעק", קעגנאיבער גאלדבערגס טאַרטאַק.

עס איז ווערט צו באַמערקן, אַז אין שבת־טעג, איז נישט געווען קיין קאָמוניקאַציע פון סאמפּאלנע קיין קאָלאָ. דער חבר סאמעט פלעגט מאַכן זיין וועג צו פוס. ער האָט נישט פאַרלאַנגט קיין פאַרגיטיקונג. זיינע שמועסן האָבן צוגעצויגן נייע חברים.

די פּאַרטיי איז געווען אומלעגאַל. איינמאָל איז צו אונדז געקומען דער חבר זלמן רובאשאוו פון „וועלט־פאַרבאַנד". מיר האָבן אים איינגעאָרדנט אַ קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונג אין אַ פּריוואַטער וווינונג. עמיץ האָט די זאַך אונטערגעטראָגן צו דער דייטשער געהיים־פּאָליציי. דער רעדנער איז אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער און נאָך אים — עטלעכע חברים. צום גליק האָט מען דאָן קיינעם נישט פאַרהאַלטן.

די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן נישט געוואָלט לעגאַליזירן די „פועלי־ציון", זיינען מיר געפאַלן אויף א המצאה: מיר האָבן אַריינגעטראָגן אַ ביטע צו דער

מאַכט, אַז מיר ווילן גרינדן אַן „אַלגעמיינע אַרבעטער קראַנקן קאַסע" — און דאָס האט זיך איינגעגעבן.

אַלס ערשטער פאַריין־לאָקאַל האָט געדינט דער געוועזענער בית־מרחץ, די אַזויגערופענע „באַניאַ", אויף דער אקולנא גאַס. מיט פרייד זיינען די חברים צוגעטרעטן רעמאָנטירן און צופּאַסן דעם בנין פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן לאָקאַל.

די שפּייז־פּראָדוקטן אין דער צייט פון קריג זיינען געווען שלעכט און באַגרענעצט און די רעזולטאַטן — עפּידעמיעס און אַלגעמיינע פיזישע שוואַכקייט. די קראַנקן־קאַסע האָט זיך באַמיט צו געבן די קראַנקע אַלע מעגלעכע הילף. הגם די איניציאַטאָרן זיינען געווען „פּועלי־ציון" חברים, האָבן זיך אין אַלגעמיינעם קאָמיטעט געפונען פאָרשטייער פון אַנדערע פאַרטייען, ווי אויך אומפּאַרטייאישע.



קבוצת חברים מ„פועלי־ציון" עם ניר־ראַפאַלקעס — אַ גרופּע „פּועלי־ציון" חברים מיט ניר־ראפאלקעס.

שטייען (פון רעכטס צו לינקס): ש. פּרושנאַווסקי, קויפמאַן, א. ב. קורץ, ברנד, מ. זלקינד, י. באָרקאָווסקי. זיצן: ל. מאַרקאָוויטש, ראָזענטאַל, נחום ראפאלקעס און עזריאל פשעדעצקי

די דעפיציטן פון דער „קראַנקן־קאַסע" זיינען געדעקט געוואָרן דורך טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אויסגעפירט דורך דער דראַמאַטישער סעקציע פון פאַריין.

אין יאָר 1918 איז די קראַנקן־קאַסע פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער דייטשער געהיים־מאַכט — אַ פּויזנער דייטש האָט אונטערגעטראָגן אַ מסירה.




חוג דרמטי ע״י ה„קראנקן־קאסע״ — דראמקרייז ביי דער „קראנקן־קאסע״



פועלי־ציון־קולו בשנת 1918 — פועלי־ציון אין יאר 1918

*

נאָכן אַנטשטיין פון זעלבסשטענדיקן פּוילן זיינען די „פּועלי־ציון" צוגעטרעטן אַרבעטן פראַנק און פריי. עס איז געעפנט געוואָרן די „אַרבעטער היים" און די צאָל מיטגלידער איז געוואָקסן און די סימפּאַטיע אין שטאָט איז געווען גאָר גרויס — אַן עדות זיינען די ערשטע וואַלן צום שטאָט־ראַט: פון זעקס יידישע ראַטמענער האָבן פיר געהערט צו „פּועלי־ציון".

שווערע טעג האָט די פּאַרטיי אַדורכגעמאַכט אין 1920, ווען בודיאָניס קאָזאַקן האָבן זיך אַריינגעריסן קיין פּוילן און דערגרייכט די ווייסל. מען האָט חושד געווען די „פּועלי־ציון", אַז זי שטייט אין פאַרבינדונג מיט די רוסן. עס זיינען פאָרגעקומען אַרעסטן צווישן די „פּועלי־ציון" טוער. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון כיים דעפּוטאַט, ד"ר יצחק שיפּער, זיינען זיי באַפרייט געוואָרן.



ארבייטער־
קראנקען־קאסע, קאלא.
№ 145
מיטגליעדס־קארטע.
נאמען
פאכמאן
ווען איינגעשריבען
קאלא, דעם 191
פרעזידענט
סעקרעטאר

*

די שפּאַלטונג אין דער „פּועלי־ציון״ פּאַרטיי איז פאָרגעקומען אין זומער פון יאָר 1920 צוליב די חילוקי־דעות וועגן דער אָנגעהעריקייט צו דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג און סאָציאַליסטישער אָריענטאַציע. די איבערוויגנדע מערהייט איז אַריבער צו דעם לינקן פליגל, וואָס האָט זיך פון נאָך דער שפּאַלטונג גערופן „לינקע פּוע״צ״. אין אונדזער שטאָט איז די מערהייט געווען פאַר דער לינקער אָריענטאַציע.

נאָך דער שפּאַלטונג, האָבן 4 חברים: זלמן בארנשטיין, אברהם לייבוש קאַנינסקי, ראובן מאדאלינסקי און דער שרייבער פון די שורות געשאַפן דעם קערן פון די „פּועלי־ציון״ (רעכטע).

די גרעסטע אַרבעט איז פאַרלייגט געוואָרן אויף צוציען די שול־יוגנט. די שילער פון דער יידישער גימנאַזיע: מיכאל בערגמאַן, הערש קורצטאג און י. ל. גאלדבערג האָבן אַריינגעטראָגן אַ סך לעבן אין דער קליינער גרופּע. די שול־יוגנט איז אַריבער צו די „פּועלי־ציון״ (רעכטע) און אָנגעהויבן אינטענסיוו אַרבעטן פאַרן פּא״פ (פּאַלעסטינער אַרבעטער פאָנד) און פאַר די ציוניסטישע קרנות.

דער לאָקאַל פון די „פּועלי־ציון״ (רעכטע), האָט זיך געפונען אין קרייצמאנס הויז, ביים וואַרטע־טייך. דאָרט זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן קעסטל־אָוונטן און רעפעראַטן וועלכע זיינען גוט באַזוכט געוואָרן. די הויפּט־כוחות זיינען געווען ראובן מאדאלינסקי און מיכאל בערגמאן — זייערע רעדעס זיינען אויסגעהערט געוואָרן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. אויך קעגנערישע מיטינגען זיינען אַרויסגעטרע־טן אַלס אפאנענטן: זלמן בארנשטיין און מרדכי זאלקינד. י. ל. גאָלדבערג האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס גוטער אַדמיניסטראַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר. אים דאַרף צוגעשריבן ווערן די דערפאָלגרייכע טעטיקייט און דאָס דינגען דעם נייעם לאָקאַל ביי דער פאַמיליע לעווין אויף דער אקולנא גאַס — דריי גרויסע צימערן. טאָג־איין טאָג־אויס זיינען דאָרט פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען פון די קרייזן. שבת־צו־נאַכט — פאַרוויילונגען, דריי מאָל אין וואָך רעפעראַטן און דיסקוסיע אָוונטן.

ווען די „פּועלי־ציון״ (רעכטע) האָבן אָנגעהויבן זאַמלען אַרבעטס מכשירים פאַר די א״ידיקע אַרבעטער, האָט די גאַנצע שטאָט זיי דערלאַנגט די געפאָדערטע שטיצע. ווען עס איז ביי דער פּאַרטיי געשאַפן געוואָרן דער „החלוץ״־רעסאָרט, זיינען הונדערטער יוגנטלעכע געקומען זיך פאַרשרייבן.

אין יאָר 1924 איז די „פּועלי־ציון״ (רעכטע) געגאַנגען זעלבסשטענדיק צו די קהילה־וואַלן. די פּאַרטייען האָבן חוזק געמאַכט פון דער נייער „יינגלעך־פּאַרטיי״,*

* אַזאַ צונאָמען האָט מען איר געגעבן.

אָבער די מאַסן האָבן איר געשענקט צוטרוי. די רעזולטאַטן פון די וואַלן: 1 פאָרשטייער אין דער קהילה פאַרוואַלטונג און 1 פאָרשטייער אין קהילה־ראַט.

נאָך דער פאַרייניקונג מיט דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער „צעירי־ציון”־פּאַרטיי, האָבן די „פועלי־ציון” (רעכטע), אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע טעטיקייט אויף אַלע שטחים. ביי די שטאָט־ראַט וואַלן איז דערגרייכט געוואָרן אַ נייער זיג. עס זיינען אויסגעוויילט געוואָרן 2 פאָרשטייער: אברהם לייבוש קאָנינסקי און לייב ברוקשטיין.



קבוצת חברי פועלי־ציון־צ.ס. בשנת 1936 — אַ גרופּע פועלי־ציון־צ.ס. אין 1936
מסיבת־פרידה לדוד פורדונסקי — אָפּשייד־באַנקעט פאַר דוד פאָרדאָנסקי

אברהם האראף

# דער דראַמקרייז פון די פּועלי־ציון־צ. ס.

אַ וויכטיקער חלק פון דער קולטור־אַרבעט ביי די „פּועלי־ציון״ (רעכטע), איז געווען דער דראַמקרייז.

אין ווינטער פונם יאָר 1925, איז דורך דעם קרייז אויסגעפירט געוואָרן פיינמאַנס „שבת קודש״. רעזשיסאָר איז געווען דוד־איציק לעווקאָוויטש. עס האָבן אָנטייל גענומען: דוד פּאַרדאַנסקי, עקיבא קאַראַ, פראַניע לעווין (היינט קאַנינסקאַ), לייביש אלבערט, שמואל־לייב פירשט, יעקב זייד, שוועסטערן רייכנשטיין, שוועס־טערן לעווקאָוויטש, ברידער גראַנאַס און נאָך אַ 20 פּערזאָן — פון דער „פרייהייט״־יוגנט. אַ יאָר שפּעטער, איז געשטעלט געוואָרן גאָלדפאַדנס „כל־נדרי״.

אין יאָר 1930, האָט דער דראַמקרייז, אונטער דער רעזשי פון ח׳ גאָדל קאַטאַווסקי, אויסגעפירט אַסיף דימאַווס פּיעסע „ווער איז ער? אַ ייד!״ עס האָבן אָנטייל גענומען: גאָדל קאַטאַווסקי, עקיבא קאַראַ, דוד פּאַרדאַנסקי, רוזשקאַ שולץ. סופלאָר איז געווען א. האַראַף.

אין דער פאָרשטעלונג „היינטיקע מיידלעך״, האָבן זיך באַטייליקט: עקיבא קאַראַ, אברהם ראָזנטאַל, רות עימאַן, סאַניאַ פּאַלאַנסקאַ, ליובאַ פּראַסט, מאיר האַנפּטווורצל, האַראַף, גאַדל קאַטאַווסקי און די פּרעבליסטין דעקלבוים פון „תל־חי״־קינדערהיים. נאָכדעם זיינען געשטעלט געוואָרן: „איציקל וויל חתונה האָבן״ און „אַ קרבן פון אַ שוועסטער״.

אין די יאָרן 1931—1932, האָט דער יוגנט־דראַמקרייז אונטער דער לייטונג פון דער פּרעבליסטין בלומע קאַרנפעלד (היינט — וואַסער, וווינט אין תל־אביב) אויסגעפירט אַ ריי ארץ־ישראל־רעוויעס, וועלכע האָבן שטאַרק אויסגענומען.*

עס זיינען זייער פּאָפּולער געווען די לידער „שלושה בחורים״ און „די נעכט פון כנען״ (עס האָט זיי איבערגעזעצט פון העברעיש מ. ה.), וועלכע זיינען פון דער רעוויע אַריין אין די יידישע שטיבער.

אין אַ צווייטער פאָרשטעלונג אין אַסיפּדימאַווס דראַמע „דער זינגער פון זיין טרויער״ (רעזשי — גלאַווינסקי פון קוטנע), האָבן אָנטייל גענומען: דוד פּאַרדאַנסקי, האַראַף, אַלבערט, מאַניאַ סטאַל, און די פּרעבליסטין הייקע.

*

אַ ביסל שפּעטער, ווען עס האָט זיך געגרינדעט אין קאָלאָ אַ קיבוץ־הכשרה, האָבן די קיבוצניקעס צוזאַמען מיט אונדז רעאָרגאַניזירט דעם דראַמקרייז און

אויסגעפירט אייגענע ארץ־ישראל רעוויעס, ווי אויך אַ פיעסע פון קאלמאנאוויטש „אונדזער רבניו״. אָנטייל גענומען האָבן: יהושוע גאָלדבערג, דוד פארדאנסקי, א. האַראַפּ, יהודית ראטבארד, מענדל צימערמאַן, אַ חברה פון קיבוץ־הכשרה, הערש אלבערט, פנחס בעלכאטאווסקי, יעקב שולץ. דערנאָך האָבן מיר אויס־געפירט גאלדפאדנס היסטאָרישע אָפּערעטע „ד״ר אַלמאַסאַדאָ״ מיטן אָנטייל: יהודית ראטבארד, אברהם האַראַפּ, עווא בזשוסטאווסקי, הערש אלבערט, יעקב ראטבארד, הארטשיק, קיבעל א. אַ. אַחוץ דעם האָבן אונדזערע חברים אויסגעפירט פּראָגראַמען ביי אַלע חלוצישע און ציוניסטישע פּאָראַנשטאַלטונגען, ווי אַקציעס פאַר קרן קימת און קרן היסוד, וואָס זיינען פאָרגעקומען עטלעכע מאָל אין יאָר.

אויך האָבן אונדזערע חברים אָנטייל גענומען ביי פאַרשידענע פאָרשטעלונגען וועלכע זיינען באַשטימט לטובת וווילטעטיקע צוועקן.



הנהלת גן־הילדים „תל־חי״ — פאַרוואַלטונג פון „תל־חי״־קינדערהיים.
זיצן (פון רעכטס צו לינקס): ש. מארקאוויטש, הענדל איזראלעוויטש, משה־מענדל האַלטער, אליעזר לעווקאוויטש. צווייטע ריי: די פרעבליסטין, א. ל. קאנינסקי, ד״ר גראספעלד, לייב לוקסנבורג, בינע וויינשטאק. דריטע ריי: בייראק, פנחס ברענער, עקיבא קארא, שמואל לענציצקי.

א. ל. קונינסקי

# פועלי־ציון־צ. ס. בשנות השלושים

המגע הראשון שהיה להמוני העם עם פועלי־ציון־צ.ס. בעירנו, בשנות השלושים, נעוץ במאבק לטיהור המוסדות הציבוריים ממורשות נפסדות ומפרוטקציוניזם. המפלגה רכשה את אימון ההמונים לא בסיסמות, אלא במעשים, בגילוי־לב ובעמידה ללא־חת.

למראית־עין היה המאבק עם השלטונות על קטנות; אך אלה היוו, למעשה, את החבל שהחזיקו בו בעלי המלאכה שנתרוששו, שהוגבלו יום־יום בזכויותיהם. הנוער בעיר נמשך למפלגה בגלל פעולתה הציונית האקטיבית — עליה בכל הדרכים. במקום פולמוס, עסקה המפלגה בדברים של ממש. משנה לשנה גדלה הפריפריה של המפלגה, ולשיאה היא הגיעה בשנת 1931. הצלחתה במערכת הבחירות ל„קהילה", בשנה זו, לא באה כהפתעה. המפלגה זכתה בשבעה נציגים מבין שנים־עשר. חלק גדול מהישג זה יש לזקוף לזכות הנבחרים — חברים נקיי־כפיים, שהתמכרו בכל להט נפשם לצרכי הציבור. בערבים, בשבתות ואף בשעת העבודה היו נענים לנצרכים, שביקשו עידוד ועצה.

הלחץ מצד השלטונות, השנאה לישראל שגברה והלכה, הריסת פרנסות של יהודים — כל אלה זרעו מבוכה בקרב ההמונים. גזירה הולכת וגזירה באה ואין סוף למצוקה. לשליחי הציבור היה דרוש כוח רב ואמונה חזקה, כדי שלא ייכשלו בשליחותם.

באסיפות פומביות שערכה המפלגה, הועלו הבעיות בכל חומרתן. „עמך" לא רצה לשמוע דברי־הבטחה שיוגשמו באחרית הימים. שאלת־השאלות היתה „איך נחזיק מעמד היום ומחר?" המפלגה קראה למאמץ משותף ולליכוד, כדי לעמוד כחומה בפני הסערה המתחוללת.

פרק חשוב בפעולותיה היתה — „עלייה ב'", שנועדה לאפשר לעשרות משפחות בקולו ובסביבה (בעיירות הסמוכות) לעלות ארצה ולהתחיל בחיים חדשים.

בפעולה הציונית המקומית — בהפצת השקל, באיסוף תרומות למען הקרנות, בתמיכה בקיבוץ ההכשרה שבעיר, בארגון דעת הקהל בשנות המאורעות בארץ — עשתה המפלגה גדולות. בשנת 1931 קראה המפלגה להפגנה רבתי נגד הפאשיזם, שסיכן את שלום העולם. ביזמתה הוכרז בעיר חרם על תוצרת גרמניה. הושמעה מחאה חריפה נגד הריאקציה הרחוקה והקרובה. ההמונים נקראו לכוננות לקראת הימים הבאים.

אחד מנציגי המפלגה במועצת העיריה ובהנהלת הקהילה, פנה בשנת

1934 אל המוסדות המקומיים וביקש שירשו לו לעלות ארצה עם משפחתו — להשתקע בארץ־ישראל ולהצטרף אל שורות הבונים, אולם לא במהרה נענו לו; שכן דווקא בשעה שתכפו הגזירות היו דרושים אנשים בעלי ניסיון במאבק. בכל זאת לא יכלו החברים לסרב לפניית חבר, שהקדיש שלושים שנה מחייו לפעולה ציבורית.



לפני עליתו של א. ל. קונינסקי

יושבים: זאַלקינד, מאדאלינסקי, א. ל. קאַנינסקי, לוקסנברג, לעווין. (הילד של ראובן מדלינסקי). עומדים: קרייצמן, ראוך, ח. א. שולץ, שולץ־ראוך, גולדברג.

משנת 1936 הלך והחמיר המצב. הכל הרגישו כי מתקרבת הטרגדיה הגדולה. הנציגים של המפלגה לא אמרו נואש, וההתנגדות לגזירות השונות עודדה במקצת את הרוחות.

מי שיכתוב על שנים אלה, השנים שלפני השואה, יראה בעמידת נציגי הציבור ניצוצות אור, שהאירו את בין־השמשות ברחוב היהודי.

# „החלוץ" המגשים

הסתדרות „החלוץ" בקולו היתה קיימת בסירוגין משנת 1919 עד שנת 1925. משנתנו פועלי ציון (צ. ס.) ופרייהייט את כוחם ל„החלוץ", הוערה בו דם חדש: הסניף פעל ברציפות משנת 1925 עד בוא השואה.

השם „חלוץ" קסם לרבים, אולם כשהועמדו חברי הסניף לפני חובת ה„הגשמה" — יציאה להכשרה חלוצית — החלה הנשירה הגדולה. לאחר כל אסיפה שאלו הפעילים: „מי ממאת החברים יישאר?"

הורים שבניהם היו ב„החלוץ" התנגדו בתוקף להכשרה, שנראתה בעיניהם כעבודת־חינם בשביל „גוי". הם אף התנגדו לחיים השיתופיים בקיבוץ, שכן מי יעזור להם לעת זיקנה? לכן ביקשו לעקור „רעיון" זה מראש ומלב הבן והבת.

בשנת 1931 הוטלה על סניף „החלוץ" בעירנו משימה גדולה: לכלכל את „הכובשים" — את הראשונים מקיבוץ ההכשרה ע"ש בורוכוב בלודז' — שבאו להקים פלוגה.

מועדון הסניף הפך למקום־מגורים בשביל הבאים עד שהשיגו דירה משלהם.

הווי החיים של פלוגת ההכשרה השפיע על תושבי העיר ועל בני הנעורים. לא אמרו עוד „די שוואַרצע אַרבעט זאָל מאַכן אַ גוי" (את העבודה השחורה יעשה פולני), כי מעבודת הקיבוצניקים למדו, שהעמל הפך לדבר שבקדושה.

בקיבוץ ההכשרה תוכננו „בריחות" של חברי הסניף בלי ידיעת ההורים. אמהות אסרו על בנותיהן לבקר בקיבוץ, שמא „תידבקנה" בחלוציות. הם „ריננו" על הקיבוץ שהוא „קן קומוניסטי", אך נציגי פוע"צ (צ.ס.) הפרו את המזימות.

כעשרים מחברי הסניף יצאו להכשרה, ורובם אף זכו לעלות ארצה. ההכשרה הממושכת גרמה צרות רבות ל„ועד". ההורים התקיפו אותם: „מדוע דווקא ילדי צריכים להיות השעיר לעזאזל?", „מדוע הפסיק בני לשלוח מכתבים הביתה?", „מדוע מעכב ה„מרכז" את העליה? עד מתי, עד מתי?".

על סניף „החלוץ" עברו שנים של גיאות ושל שפל: כל בשורה על מכסת סרטיפיקטים גדולה — העלתה את קרנו של הסניף; כל משבר בארץ — מהלומה כבדה. הדחיות בעליית חברים נוצלו ע"י היריבים: „הנה זהו הפתרון שלכם, אפילו יחידים אינם יכולים להעלות!".

השפעה רבה היתה לאלה שעשו את ההכשרה בגרוכוב או בסוכדנוב. בשובם העירה הבליטו אחריות, גאווה והכרה פועלית. ההכשרה חוללה מהפכה בנפשם.

בין הפעולות המבורכות שנערכו בסניף — היו שיעורי הערב בעברית

ובידיעת הארץ. המורה היה חבר מן השורה. השיעור — אימון בדיבור עברי, כתיבה וקריאה מספר „עברית למבוגרים". בשיעורים היתה אווירה של ארץ־ישראל.

היום הגדול בסניף — היה יום „תל־חי". בתחילת היום נאספו כספים למען „קרן העלייה", ובערב — נערכה אזכרה לזכר גבורי תל־חי. התכנית — נאומים, דקלומים, שירה ותמונות־חיות מהווי ארץ־ישראל.




סניף „החלוץ" בשנת 1935, אחרי מסיבה לחברים העולים ארצה
„החלוץ"־אָרגאַניזאַציע אין יאָר 1935, נאָכן באַנקעט פאַר חברים, וואָס פאָרן קיין ארץ־ישראל

כיום נמצאות 15 משפחות מקולו בקיבוצים ובמושבים. ממייסדי הקבוצה היה משה קורן (קוז'יץ) שהוא היום חבר גבע.

**חברים**

# הסתדרות „צע



**לפני עליתם של חברי צ"צ לארץ**

1־טע שורה (**פון רעכטס צו לינקס**): **אייזיק וואָלקאָוויטש, פ. יודקעוויטש, פלעצנער, קו**
**לאַ־מאַן, פּראַניע לעווין, טרייבער, פוקס.** 3־טע שורה: **י. סענדער, נאָסאַק, מ. מ. האַלט**
**לאַסק, גרינבאום, גליצנשטיין, מאיר גורק**

# רי־ציון" בקולו



**פאַרן אָפּפאָר פון צ"צ קיין ארץ־ישראל**

**מאַן, דאָבזשינסקא, א. זשולאַווסקי, וורא̈נע.** 2־טע שורה: **ראָזענטאַל, הינדע שולץ, זעליג הערש וואלנבערג, באראב, ברוקשטיין, דאָבזשינסקי, פארדאנסקא.** 4־טע שורה: **נאסאק,**
־טע שורה: **יוסף פאָגל, א. מ. לעווקאָוויטש.**

# „פרייהייט־דרור"

על „פרייהייט" כתנועת נוער חלוצית מעידה הגשמתם של רבים מחבריה, ולולא שערי־הארץ הנעולים והתנאים הקשים ששררו בהכשרה הממושכת — ודאי שהיו נמצאים עמנו בארץ רובם ככולם של חניכי „פרייהייט", בני עירנו.

בשנת 1922, עם הקמת י. ס. א. י. (יידישע סאציאליסטישע ארבעטער יוגנט), הנוער של פועלי ציון ימין, — נוצר הגרעין של תנועת נוער זו גם בקולו.

חבריה הראשונים היו כעשרה תלמידים של הגימנסיה העברית וכשני עשרות ילדים עובדים. על אף הלגלוג של מפלגות הפועלים הקיימות, שאין כל אפשרות של קיום להסתדרות נוער חדשה — היכתה תנועה זו שרשים, כי היא חרתה על דגלה שתי סיסמות מחויבות המציאות: חלוציות ואיחוד כל הנוער הציוני־סוציאליסטי. ואכן, בשנת 1926, עם איחוד צ. ס. י. (המשמרת הצעירה בצ. ס.) עם הי. ס. א. י., קמה תנועת הנוער הציונית־סוציאליסטית „פרייהייט".

בין ראשוני „פרייהייט" בעירנו היו: גדליה לנציצקי (היה חבר מעוז־חיים ומת בצעירותו), יעקב ליפנובסקי, אליעזר לבקוביטש, משה בורנשטיין, בנימין קרייצמן, מאניע בייראך, לובה פרוסט, גרשון כהן, יערמע פודמסקי, לייב בוצקר, דבורה דובז׳ינסקה, דוד שמולבסקי, שלמה גוצמן, אברהם הארפ, סנדר מארקובסקי, אברהם מרקוביטש, שרה פאלץ, יעטקע קיבל, יעטקע וולקוביץ׳, יוסף פוגל, אברהם לכמן, צדוק סויקה, דוד שיקה וחוה חיים.

ואלה היו הפעולות העיקריות של „פרייהייט":

א. עזרה למפלגת „פועלי ציון" (צ. ס.) בכל מפעליה הפוליטיים;

ב. פעילות בסניף „החלוץ" ויציאה להכשרה;

ג. ביסוס ההכרה הציונית והסוציאליסטית ע"י חוגי השתלמות;

ד. הקמת מושבות־קיץ וארגון טיולים;

ה. פעולה למען קופת פועלי ארץ־ישראל (קפא"י)' ולמען הקהק"ל.

מדי שנה בשנה יצאו שלושה—ארבעה חברים להכשרה חלוצית. בין היוצאים: גדליהו לנציצקי, דוד שמולבסקי, דוד שיקה, לובה ואשר פרוסט, אימן ועוד.

מושבות הקיץ של „פרייהייט", הרחק מן העיר — נעשו לדבר של קבע. שנה־שנה השתתפו בהן עשרות ילדים עובדים, ולפעמים הגיעו אליהן גם ילדי „פרייהייט" מערי המחוז. כאן עלתה בת־צחוק על פנים שברוב ימות השנה הוטבעו בהם עצב ודאגה. במרחבי השדות ובין עצי היער, הזדקפו כל השחוחים וקיבלו צורה של בני־אדם חפשיים ובריאים. אף הוקדשו כאן שעות רבות ללימוד. ילדים

שלמדו בבית־ספר עממי פולני, למדו כאן את צורת האלף־בית העברי. מה שלא תפסו לאחר יום עמל ארוך, — קלטו במושבת הקיץ.

למפעל מושבות הקיץ סייעו חברי המפלגה אברהם לייביש קונינסקי ולייבל לוקסנבורג.

המשמרת הצעירה של „פרייהייט" היתה חטיבת הצופים החפשיים — „פרייער סקויט". לפעולה זו התמסר הח' עקיבא קארא, מפעילי המפלגה. ערב־ערב היו מתאספים עשרות ילדי בית־הספר היסודי, והיו קוראים את בטאונם „קינדערלאנד", מקשיבים להרצאת ה„רינגלער" (המדריך) וכן שרים ומשחקים.

במאורעות 1929 בארץ, כשמשבר קשה פקד את התנועה הציונית בגולה — לא נתערערה הרוח ב„פרייהייט": אף נער לא עזב את התנועה, כדי להסתפח בתנועת־נוער בלתי־ציונית. אדרבה, בימים אלה חוזק סניף „החלוץ". בשנת 1930 נתקבלו שתי עשרות חברי „פרייהייט" במפלגת פוע"צ (צ. ס.), וכתוצאה מכך הורגש מחסור בכוחות מדריכים בתנועה. אז נשלח הח' אברהם מרקוביטש לסמינריון הראשון של התנועה. בשובו היה לרוח החיה בסניף — קרב



הסתדרות הנוער „פרייהייט־דרור"
יוגנט אָרגאַניזאַציע „פרייהייט" (דרור)

יושבים (מימין לשמאל, למטה): סנדר מרקובסקי, אדעק סטופיי, יערמע פאָדעמסקי, דוד שיקע, עוואַ אַלבערט, שיע וואלקאָוויטש, גרשן כהן, דוד שמולעווסקי בשורה השניה: יוסף פאַגעל, לובע פראָסט, ד"ר גראָספעלד, דבורה דאָבזשינסקא, אליעזר לעווקאָוויטש, אברהם מאַרקאָוויטש. בשורה השלישית: הערש אַלבערט, מיכל פאָדכלעבניק, גדליה לענציצקי, חייטשע שמולעווסקא, אברהם הארפ, בנימין קרייצמאן, סאַלע קרייצמאַן, בעריש מאַר־קאָווסקי. בשורה הרביעית: רבקה לעווין, שמעון בזשוסטאווסקי, בערקאָוויטש, מרדכי ליפנאווסקי, מאַניע בייראך, יונה פיקס.

את ילדי הפרוליטריון היהודי שבעיר לארץ־ישראל העובדת. עוזרו הנאמן היה סנדר מרקובסקי — נער צנוע ומשכיל, שאף הוא השפיע במידותיו הטובות על בני־הנעורים. לאחר יום עמל הפך המועדון לביתו. בשעה שכל הילדים הלכו לבית הוריהם, נשאר הוא לבדו והכין את ראשי הפרקים לשיחות.

לבסוף תצוין הפעולה הספורטיבית של „פרייהייט". קבוצת הכדורגל של התנועה נקראה תחילה בשם „קראפט" ואח"כ שונה שמה ל„הפועל".

רק כשלוש עשרות מחניכי „פרייהייט" ניצלו מהשואה. רובם נמצאים כיום בישראל.

חברים



קבוצת חברי פועלי־ציון—צ. ס. ו„פרייהייט" עם הח' א. ל. קונינסקי (במרכז)
א גרופע חברים פון פועלי־ציון—צ. ס. און „פרייהייט" מיטן ח' א. ל. קאנינסקי (אין צענטער)

**עזריאל רייכרט**

# „הנוער הציוני"

אקדיש כמה מלים להסתדרות־נוער זו, שבשנות השלושים היה חלקה ניכר בתנועה הציונית בקולו. פעלתי בהסתדרות זו, וממנה שאבתי את ראשית ידיעותי על ארץ ישראל החדשה ועל הציונות.

הסתדרות „הנוער הציוני" נוסדה בשנת תרפ"ח (1928), אולם הגרעין של אגודת נוער ציוני כללי, הקרובה לה ברוח, נזרע בעירנו בשנת 1929.

תחילה נשאה אגודתנו את השם „הרצליה" והיינו מסונפים למרכז שבלודז'. הראשון שהביא את דבר התנועה הזו לתלמידי בית הספר היה חברנו ובן עירנו יורק טמפלהוף. הוא נעזר בפעולת ההסברה של השליח מאיר לב מלודז'. ברעננות לשונו ובדוגמה אישית השפיע יורק עלינו, על בני הנעורים, שביקשו מטרה בחיים.

התוצאות של פעולת ההסברה שנעשתה בקרב תלמידי הגימנסיה — לא אחרו לבוא. לאגודתנו נתן יד האברך משה בהרב, שהיה ידוע בעיר כציוני נלהב ומסור. הוא שימש לנו מ־רה ומדריך. הרצאותיו על נושאים מדיניים הצטיינו בבהירות



„הנוער־הציוני" בקולו — די „הנוער־הציוני" אָרגאַניזאַציע אין קאָלאָ

ובעמקות; הרצאותיו על ארץ־ישראל ודיוניו בבעיות אידאולוגיות היו לנו כעמוד־אש. בשיחותיו תרם תרומה גדולה לקבוצת המדריכים, שנשאו אחרי־כן בעול ההסתדרות.

אגודתנו היתה צורך השעה. היא צמחה בקולו לאחר שנוצר „חלל ריק" עם התחסלות הקן של „השומר הצעיר" במשבר אידאולוגי. מבוכה ירדה על מייסדי הקן בשל הרוחות החדשות שנשבו בתנועה זו. הפרוגרמה החדשה של „השומר הצעיר" לא מצאה אחיזה בקולו. מי שנטה לשמאל — מצא מקומו ב„פועלי ציון" וב„בונד".

בשנת 1931 התאחדו כל אגודות הנוער של הציונים הכללים בפולין, שערכיהם נגעו זה בזה ולא היו הבדלים ניכרים ביניהם, ונקראו מאז „הסתדרות הנוער הציוני". אף אגודתנו הצטרפה להסתדרות זו, אולם עקב התמזגות זו עזבו כמה מהפעילים את האגודה.

בראש הסניף הועמד אהרן (ניוטק) צ'רניאק, שגילה מרץ וכשרון רב. בהנהגתו פעלו החברים עד פרוץ מלחמת־העולם השנייה. ייזכרו לטובה החברים: דב קלפשבסקי, י. זילברברג, ל. קמפינסקי, ג. יודקביטש ור. שובינסקה, שעשו למען העלאת הסניף ולמען הגדלת היקף פעולתו.




„החלוץ הכלל־ציוני"

יושבים (שורה ראשינה למטה): זעליג, טרייבער, שולץ, ר. סטל, לוין. שורה שניה: פלדמן, ל. קינסטלר, ברם, שורק, פלץ. שורה שלישית: קניג, ווגוייזר, וינר, קוטנובסקי, גוטמן, סיבוש, פלדמן, ראש, שולץ. שורה רביעית: ח. שלדובסקה, קינסטלר, זלמנוביטש, קמפינסקה, קרייצמן, וינר, — — —, בזשוסטובסקה, קניג, קונינסקה. שורה חמישית: בלום, קרייאר, שיקה, שולץ, שוארץ, זילברברג, זלברברג, קראוזה.

יש לציין שמרבית חברי „הנוער הציוני" באו מבתי ספר מקומיים, מהכיתות הגבוהות, והשכלתם השפיעה על הרמה של החברה. הסניף עקר מן השורש את הנטיות להתבוללות והחדיר הכרה לאומית בלב בני הנעורים שהיו רחוקים מציונות.

לסניף היו מטרות נוספות: הכשרנו חברים לחיי חקלאות בארץ ושלחנו אותם לקיבוצי הכשרה. עם גמר הכשרתם החלוצית והמקצועית עלו ארצה בדרכים ליגליות ובלתי־ליגליות. אחד התאים החשובים בסניף היה התא של „החלוץ הכלל ציוני", שנוסד ביוזמתו של חברנו ב. סיבוש.

בשנים 1930—1934 היו בהסתדרותנו 250 חבר, וסניפנו היה אחד הסניפים הערים והפעילים בתנועה.

בימי השואה התפזרו חברינו לכל קצווי ארץ, היו פעילים בגיטאות, במחתרת ובמחנות־הכפיה. רק מעטים ניצלו ועלו אחרי טלטולים ארוכים לארץ כסופיהם. נזכיר את חברנו יהודה גוטליבובסקי, שעלה ארצה בשנת 1939 והיה בין מייסדי קיבוץ „ניצנים". בימי המצור, במלחמת העצמאות, נלחם והגן על המשק ונפל על משמרתו.



יהודה גוטליבובסקי ז"ל

**מאיר בראַנד־אורבן**

# התנועה הלאומית

קולו היתה עיר ציונית — רוב תושביה השתייכו לתנועה זו על הסתדרויותיה השונות: הציונים הכלליים (פרוגרסיבים), מזרחי, פועלי־ציון ימין ושמאל, החלוץ, החלוץ המרכזי והנוער הציוני. בשנים 1931—1932 התארגנו בעיר קבוצות בני־נוער ומבוגרים שיסדו סניפים של „ברית־הצה״ר — בית״ר״ ו„ברית החייל״.

כאשר קמה התנועה הרביזיוניסטית בפולין לא פסחה גם על קולו. דברי ז׳בוטינסקי הגיעו דרך העיתונות לתושבי קולו, ועשו נפשות לתנועה שעמד בראשה. כאשר נוצר התא הראשון בא לביקור אליהו אפשטיין מקלודבה, מפקד של קן בית״ר. הוא הצליח לארגן את קבוצת הנוער ונרכש מעון בבית וואכולדר. אחרי־כן — בבית של האחים וינבוים. מיד לאחר זה קם סניף של „ברית הצה״ר״, שבראשו עמד מר וייסמאן ו„ברית ההייל״ — בהנהגת מר קורן.

פעילות רבה גילתה „ברית טרומפלדור״ (בית״ר). מפקדיה היו: מאיר ביאז׳בינסקי וביינוש האלטר. קן בית״ר העלה את חבריו בעלייה ב׳ ארצה. בין העולים: א. לנציצקי, מאיר זילברברג, ר. וויינבוים ועוד.



**מפקדי בית״ר**

זיצן (פון רעכטס צו לינקס): ה. וויינבאום, צ. וויינבאום, בערטא חיים, סאלא וויינבאום.
שטייען: פ. וואַננע, וואָלקאָוויטש, פאָגעל, קעניג בלומטשע קרוק, בייניש האַלטער.

בית"ר השתתפה בפטיציה הגדולה שהוגשה לארגון האומות, בדבר פתיחת שערי הארץ לבנים השבים, ובארגון הבחירות להסתדרות הציונית החדשה.

הבית"רים מאיר זילברברג ואברהם לנציצקי, שעלו ארצה בעלייה ב', היו בין הפעילים בארגון הצבאי הלאומי. שרעטער ואפשטיין עלו באנייה „אלטלינה" ולקחו חלק פעיל בכיבוש יפו.

בתנועה פעלה קבוצת נשים, והן הקימו את „ארגון נשים רביזיוניסטיות" (בראשו עמדה הגב' אסתר חיה בראנד ז"ל). הופץ „הדינר" ונערכו „שווקים", שהכנסתם הוקדשה לתנועה. הפעילות בארגון הנשים: הגב' איטה מיכלסון, הגב' וויינבוים, הגב' רבקה גולדברג ואחרות.

רובם של חברי ההסתדרות של הנוער הציוני הרביזיוניסטי בקולו לא זכו להגשים את חלומם. הם האמינו בתקומת מדינת ישראל. ציון עמדה לנגד עיניהם עד לרגע האחרון.

יהא זכרם ברוך.



אַ יינגל אין בית"ר־מונדיר — ילד במדי־בית"ר.

רות רימר־אימן

# הסתדרות הנשים הציוניות „ויצו"

בכתבי על „ויצו" בעירנו, מבקשת אני להציל משכחה כוח חשוב בתנועה הציונית בקולו. זכורים לי דברי המנהיג הציוני נחום סוקולוב בוועידה הארצית של „ויצו" בווארשה בשנת 1934: „אתן, הנשים הציוניות, הנכן אם התנועה, המחזירה את בני עמנו לציון". באמיתות אמירה זו נוכחנו בעירנו.

סניף „ויצו" בקולו נוסד בשנת 1934. בין המייסדות היו: אסתר נשלסקה, רות אימן וגוטשה לוין. בראשית דרכנו היינו מעטות, אך פעולתנו העקשת קבעה לנו מקום ניכר בין ההסתדרויות שבעיר.

המעון של „ויצו" היה בביתו של מר שטכלברג, בסימטה ליד השוק החדש. ערב־ערב התאספו החברות לשיחת „קלוב". הנושאים היו רבים ושונים. מזמן לזמן הוזמנו מרצים מזרמי התנועה הציונית, שנשאו דברם לפני קהל השומעות הקטן. רוב השיחות נסבו על ארץ־ישראל ועל ספרות.

פעולתנו הציונית באה לידי ביטויה בארגון ה„באזארים", שהכנסתם היתה קודש לקרן־הקיימת לישראל. הביצוע הצטיין ברמתו הגבוהה. משכנו קהל גדול ל„שווקים". בין המבקרים היו גם נכבדי־העיר, לא יהודים.

בוועידה הארצית של „ויצו" בפולין השתתפו שתי צירות מסניפנו: רות אימן וא. נשלסקה. מקרב המתבוללים רכשנו חברות, בעיקר מחוג האינטלקטואלים. משעברו לתנועה הציונית — עשו בלהט רב למען הקרנות.

תודות לתעמולתנו בערי השדה הסמוכות — נוסדו גם שם סניפי „ויצו". משנה לשנה גדל מחנה הנשים הציוניות המאורגנות, והן השפיעו גם על חינוך הדור הצעיר.

אף תמכנו בעולים לא"י, שהיו מחוסרי־אמצעים.

בין הפעילות, שנענו לכל קריאה של ההסתדרות, היו: סלומאה איז'ביצקה, מרילה ברסלר, פפר, שלחטאוב, גוטשה פוטר־קויפמן, טמפלהוף, אסתר פירניקז', שרה בורקובסקה, ריטשקה, פשדצקה, שצ'צ'ינסקה, שטיינברג, כהן (לבית שאטאן) אשת הד"ר ביאלוסטוצקי, שיקה ויאקובוביטש.

יוסף פוגל

# החסידים בקולו

תנועת החסידות לא כבשה את קולו, אך רישומה בעיר היה ניכר. אף כי היו מעטים — ראו את עצמם כ„שאור שבעיסה", זילזלו בכל המתנגדים שלהם וב„שטיבל" ראו מבצר־עוז. בשבתות ובחגים הרגישו בהם ובחיים הדתיים ניסו לא אחת לאחוז בהגה. רק הרב דמתא היה גדול מהם בהכרעה.

מי לא יזכור את ה„שטיבל" בסמטת „בית המרחץ"? בבניינה של משפחת ברוקשטיין, בעלת בית הבד, נמצאו בקומה השנייה שני חדרים, ששימשו בית תפילה ומקום־מועד לחגיגות־מצווה ולסעודת־„יארצייטן". בית תפילה זה צר היה מלהכיל את כל אנשי־התנועה, שמנתה כמאתיים חבר. המדובר הוא בחסידי גור שפקדו פעמים מספר בשנה את אדמורם, ר' איטשע מאיר אלתר, המכונה „שפת אמת".

השמחה שבלב, האמונה בצדיק שזכה לקרבה יתירה להקב"ה — היו נחלת החסידים בכל ימות החול. משבאה השבת באה רוח אחרת בבית החסיד: לבושו — בגד־האטלאס וכובע הקטיפה השחורה — העיד כי שונה הוא משאר אנשי העדה. כמה חסידים אף חבשו ביום זה „שטריימל".

רבה היתה ההכנה לשבת: הם הוסיפו מיום השישי לשבת. הקדימו לסגור את החנויות וללכת ל„מקווה", לטבילה כדת. ולאחר המרחץ — הכנה נפשית לשבת. את בני הבית הזהירו שלא יזלזלו ביום זה במצווה קלה כבחמורה, לא ללכת אחר מראה עינים, לתת את כל מעייניהם רק לקדושת היום בלבד.

מה שונה היתה התפילה ב„שטיבל"! העוברים לפני התיבה — ר' מענדל קוטשינסקי, ר' ברוך זשולאווסקי, ר' אפרים שוחט ור' שלמה שוחט ואחרים — בכמה השתפכות הלב השמיעו את התפילות. ארוכה היתה התפילה, לא מיהרו אל הסעודה השמנה, כאילו כל העולם קיים למען השבת.

אחד הטיפוסים הנדירים בעיר היה ר' גבריאל סיטנר, מהיושבים בראש אצל הרבי מגור. תפילתו — כל עצמותיו תאמרנה. נדמה היה כי אותה שעה הוא נמצא בעולם של מסתורין. הצעירים היו מתלחשים ואומרים „ער כאפט מלאכים".

ארוחת השבת הראשונה הצטיינה ב„זמירות", שבקעו לחוץ ומשכו עוברים ושבים. הזמירות הסיחו את הדעת מהגשמיות של האכילה החמרית. למחרת היום — קודם לסעודה היתה הקריאה בפרשת השבוע: שניים מקרא ואחד אונקלוס. והמאכלים בימות קיץ — לא חמים, מחוץ ל„טשאלנט", כאילו לקיים „אל תבעירו אש בכל מושבותיכם".

אחרי־הצהרים לא באה שעה של תנומה או בידור. ארון הספרים המלא ספרי הש״ס דרש את שלו. למי שהיה בן היו יושבים יחד ושוחים בים התלמוד, ומי שנתברך בבנות היה מזמין את אחד מידידיו והיו נאבקים יחד ב„כיבוש" סוגייה חמורה.

תפילת מנחה לא בשרה שקדושת היום פוחתת והולכת; אדרבא: כל קהל החסידים התכונן ל„שלוש סעודות בצוותא". בשני החדרים של ה„שטיבל" ערכו את השולחנות, וכל אחד ברך על המנה שהביא מביתו. יש שהגבאי הוסיף פרוסת דובשן וכוסית יי״ש, כדי שלא יהיה חיץ בין העשיר והדל. לא האוכל היה עיקר אלא הזמרה, הישיבה בצוותא, שבת אחים גם יחד. ישיבה זו הרנינה את הלב.

החסיד ר׳ מיכאל לייב, חתנו של ה„סופר סת״ם", הוא שהתחיל ב„שלוש הסעודות" לפזם את הניגון. קולו — קול דממה דקה; מיד התגבר, כאילו נבקעו מעיינות וכל הקהל החרה־החזיק אחריו. ניגון מושך ניגון, וכך נמשכה הרינה עד לתפילת מעריב. לאחר התפילה מברכים זה את זה ב„גוט וואך!". הולכים הביתה לשעה קלה, כדי לחזור בהקדם לסעודה הרביעית — ל„מלווה מלכה".

אלה היו ה„פני" של חסידי־קולו:

הראשון במעלה היה ר׳ גבריאל סיטנר, שנזכר לעיל. גופו נראה רזה מאוד, הוא התנזר מתענוגי העולם הזה, היה יושב ברוב ימות השנה אצל הצדיק ונהנה מזיו אורו. את העסקים ניהלה אשתו ועזרו לה בניה.

בשבתות שעשה בביתו הזמין את ידידיו ל„קידוש" וסיפר מנפלאות האדמו״ר, אז הביא עמו ניגון חדש ולפעמים השמיע גם דברי תורה. זכיתי להיות פעם אחת בביתו ורישומה של מסיבה זו לא יימהה מזכרוני. כל הנאספים הסיחו דעתם מכל חמריית ודבקו בכל נפשם ברוחניות, שרק חסיד הרגיש בה.

ר׳ נטע כהן (היימל) יצאו לו מוניטין כבן־תורה, למדן הבקי בכל מכמני התלמוד. פרנסתו היתה המלמדות, ואת לחמו מצא בדוחק. אף פעם לא יצאה תלונה מפיו על דחקותו, קיבל הכול באהבה.

ר׳ יוחנן חסיד — איש שלא ידע מתענוגי העולם הזה. תמיד היה שרוי בעולמות העליוניים ולא דאג לפרנסת ביתו. אשתו עסקה במסחר והיא דאגה לביתו.

ר׳ מיכאל שמואל וולנברג, המכונה „דער מעד־רייד", היה מכין יין־דבש ויין־צימוקים. כל בני העיר היו קונים אצלו יין ל„קידוש" ול„הבדלה". בכל ימות השבוע היה יושב על התורה ועל העבודה.

ר׳ איטשע פעלדמאן — יהודי יפה נפש, מקובל בעיר כאיש טוב ומיטיב. חסיד אדוק ואיש עשיר. היתה לו חנות סיטונית לאריגים.

ר׳ מוינדל קוטשיוסקי, המכונה „מענדל השירם־מאכער". הזכרנו כבר את תפילותיו שהיה שר בקול נעים, מחייה נפשות. תענוג היה לשמוע את תפילתו כאשר עבר לפני התיבה.

ר׳ מיכאל חסיד (**אבי ז״ל**) — **ה„בעל קורא״ בשטיבל. שלוש פעמים בשנה היה נוסע לצדיק, וכאשר גדל בנו הביאו לישיבה בגור, שילמד שם תורה.**

**ואמנה עוד מספר שמות, שלא ייראה הדבר שקשרתי כתרים רק לכמה נבחרים. כל חסיד ומעלותיו, כל חסיד ואדיקותו בדת. ואלה הם :**

ר׳ בנימין טויבנפליגל, ר׳ משה לייב פורדונסקי, ר׳ יוסף עקיבא הירשביין, ר׳ שמואל יפה, ר׳ יעקב־אהרן ענגל, ר׳ מנדל מורדוביץ׳, ר׳ חיימל לוין, ר׳ מוטל גולדברג, ר׳ משה פרץ קליין, ר׳ אפרים שלומפר, ר׳ ליפמן פטלובסקי, ר׳ הניך פוגל, ר׳ לייביש קונינסקי, ר׳ בעריש שאלאדאווסקי, ר׳ מאיר זלצמן, ר׳ אפרים דובזשינסקי, ר׳ הירש לוין, ר׳ הניך לוין, ר׳ אהרן באכורסקי, ר׳ פינחס רזשבסקי, ר׳ אפרים שוחט, ר׳ הירש סיטנר, ר׳ זליג סיטנר, ר׳ יצחק הלטר, ר׳ משה דוד פוקס, ר׳ העניך ראוויצקי, ר׳ משה דוד שיקה, ר׳ יוסף קוט, ר׳ יעקב פלדמן, ר׳ שמעון גאשלסקי, ר׳ איטשה מיכאלאוויטש, ר׳ יחזקאל־ברוך ברגמן, ר׳ משה ברוך זשולאווסקי ואברהם־צבי נלקין. **אחד החסידים שנשאר בחיים ונמצא בארץ הוא** חנוך ברודזיאק **(בני־ברק).**

ש. א. טכורז'

# איך פעלה הקהילה?

בשנים שבין 2 מלחמות־עולם שימשה הקהילה בקולו נציגות של 5000 היהודים שחיו בעיר זו. לא שונה היתה בהיקף פעולותיה ובסמכויותיה משאר הקהילות בפולין.

בראש הפעולות של הגוף המנהלתי הזה — עמדה התמיכה הכספית במוסדות החינוך והתרבות. כל מפלגה ומפלגה, מימין ומשמאל, יסדה מוסדות חינוך: הגימנסיה העברית, בית הספר העממי „יבנה", „עץ חיים", גני ילדים של פועלי ציון שמאל וימין ושל ה„בונד"; שיעורי ערב ואוניברסיטות עממיות. נציגי המפלגות דאגו מאוד שבתקציב הקהילה ייכללו המוסדות האלה. לא ייפלא אפוא, כי הישיבות בענייני תקציב היו סוערות ביותר.

בישיבות המועצה ובישיבות ההנהלה נראה הגוף הזה כמורכב משני מחנות נוגדים: מחנה אחד דרש שהקהילה תפעל כארגון אוטונומי ותשים את הדגש על הצרכים הסוציאליים והתרבותיים; המחנה השני, המיעוט, רצה לצמצם את פעולות הקהילה לצרכי דת בלבד. המיעוט נשען על השלטונות שאהדתם היתה נתונה לו. כיון שהתקציב היה טעון אישור מיניסטריון הפנים — בוטלה, על הרוב, כל העבודה שנעשתה ע"י הגוף האוטונומי שנבחר בבחירות דמוקרטיות.

עובדה אחת מני רבות:

בהתאם לתפקידי כיו"ר של ההנהלה, הוטל עלי להגיש את התקציב לאישור במיניסטריון. הפקיד קרא בדפים ומחק בעיפרון אדום את כל הפוזיציות והתמיכות במוסדות חילוניים.

למרות ההתערבות הזאת, שכוונתה היתה לכפות רצון „עליון" על הנציגים הנבחרים, נמצאו תחבולות שונות להפריש חלק מהתקציב, שבא מתשלומי מס של כל האוכלוסייה היהודית, לצרכים החורגים מתחום הדת.

ההכנסות של הקהילה באו ממקורות שונים: מדמי־שחיטה, ממיסים לצרכי הקהילה ומדמי קבורה. כל אלה הכניסו סכום של 70 אלף זהובים מדי שנה בשנה.

לא על נקלה נאסף סכום זה והמיסים על הרוב לא שולמו בעיתם. תקלות אלה עכבו בתשלום המשכורות והכבידו על הפעולה התקינה. אמנם אנשי ההנהלה התחכמו ומצאו דרכים מדרכים שונות „לדחוף את העגלה..." ואחת מהן: פעילי המפלגה קיבלו יפוי־כוח לגבות את המס מחברי המפלגה במסגרת התמיכה.

כל מקור־הכנסה וצלליו. השחיטה שימשה מקור ראשון, אולם רבים היו המכשולים בדרכו. הקהילה נאבקה ב„שחיטה הבלתי ליגלית", ז"א בשחיטה שלא

הוכרה ע״י הרב, והיא גרמה להפסדים ניכרים לקופת הקהילה. השוחט מטולישקוב היה המתחרה הראשון — לקח בעבור שחיטה תשלום קטן, פחות מהמקובל, ובזאת משך אליו לקוחות רבים. כאשר ראו הפרנסים כי לא יוכלו לו, החליטו לשלם לו משכורת חדשית בעד „שב ואל תעשה!״

המקור השני — המס, או כפי שנקרא בלשון העם „אטאט״, לא נגבה בקלות. העשירים לא מילאו חובתם בזמן וערערו על גודל הסכום. המשא והמתן עמם העסיק את ההנהלה והסובלים היו מוסדות החינוך.

מקור ההכנסה השלישי — בית העלמין.

כששבק איש חיים לכל חי, קיבלה הקהילה תשלום בעד „הקרקע״ — ד׳ האמות של הקבר. גביית תשלום זה עלתה בקשיים גדולים. היורשים העשירים קמצו ידיהם וסרבו להכניס את הסכום שנדרש. פרצו תגרות, צעקות וגידופים. לא אחת טעו האומדים, כי נתברר שהבר־מינן לא השאיר לא נכסים ולא כסף. האיש שאמדו אותו והכריזו עליו כעל בעל הון הוא עני ואביון... במקרים רבים בכו המתאבלים על האיש שהלך לעולמו ועל הקהילה הדורשת דמי־הקבורה ביד חזקה.

המנגנון־המנהל של הקהילה — הורכב מהנהלה בת 8 חברים (היו״ר: ש. א. טכורז׳) וממועצה בת 12 חברים, שבראשה — ר׳ שלמה גליקסמן ז״ל. ישיבות ההנהלה נערכו אחת לחודש, וישיבות המועצה — אחת לשבוע.

סוערות היו הישיבות שבהן דנו בתקציב. כל מפלגה „גייסה״ את אוהדיה שיבואו ל„יציע״ ויעודדו את הנציגים בהופעותיהם ע״י מחיאות־כפיים וכיוצא בזה. הוויכוחים הכבידו על העבודה המעשית. יש שהשלטונות ראו שאין העבודה נעשית לפי רוחם ואינם יכולים להכריע, ואז פיזרו את הקהילה. מינו „קומיסאר״ זמני, עד שתיבחר הנהלה חדשה שתפעל, אולי, לפי התכתיב...

הממונה הראשון מטעם הרשות היה המהנדס בורנשטיין. לאחר זמן קצר סולק ובמקומו בא שלמה גולדברג. גם הוא לא זכה לאריכות ימים. הקומיסאר השלישי היה שמעון שווארץ, ותפקידו העיקרי היה לארגן בחירות חדשות. בהנהלה החוקית החדשה הוא נבחר כיושב ראש.

כשהשתלטו הנאצים על העיר נקרא ש. שוארץ ל„גאסטאפו״, והם גזרו עליו להגיש להם רשימה של 11 איש, שיהיו אחראים לציבור היהודי וישמשו גם כבני־ערובה. ואלה היו הנציגים החדשים, במקום ועד־הקהילה: יוסף שווארץ, לייב ברוקשטיין, פינחס ברענער, שלמה פודחלבניק, הענעך הירשביין, יהודה בורקובסקי, קויפמן פראנקובסקי, משה שנפלד, יוסף קונינסקי, חיים שלדובסקי, יוסף אביגדור זלקינד.

הנזכרים לעיל נקראו ל„גסטאפו״. קציני ס.ס. הכניסו כל אחד מהם לחדר מיוחד ובאיומי מוות דרשו למלא בדיקנות את אשר יוטל עליהם. אם מישהו מהאוכלוסייה היהודית יתנגד למשטר החדש, ישא ה„ווער של אחד עשר איש״ בעוון, דמו בראשם.

אחת הגזירות הראשונות שהטילו על הוועד היהודי היתה, לפקוד את הרכוש של היהודים. תוך שלושה ימים יעשו את העבודה ואוי ואבוי למאחרים!

אימה נפלה על היהודים ועל הוועד. איך ימלאו משימה זאת תוך ימים מועטים, ואין פקידים מאומנים לכך?

הוחלט לגייס את התלמידים של הכיתות הגבוהות מבתי־הספר היהודיים, והם הלכו מבית לבית וערכו רשימה מפורטת של כל הרכוש היהודי, מנכסים ועד מזומנים. הרשימות הוכנסו בתיקים כדי להגישם במועד.

ביום השלישי, בשעה 9 בערב, התאספו כל אנשי הוועד במשרד הקהילה. חמש דקות לפני המועד נשמעו נקישות חזקות בדלת ומלאכי החבלה באו.

— האם הכל מוכן? — נשאל היושב ראש.

— כן!

משנמסר לקצין הס. ס. ולמלוויו התיק עם הרשימות יצאו מבלי אמירת דבר.

על שאר הגזירות ועל השואה ועל כליון הקהילות — מסופר בשאר הרשימות של בני עירי.

# מוסדות תרבות וחינוך



כיתה מביה"ס „יבנה" — אַ קלאַס פון דער „יבנה"־שולע

# קולטור און דערציונגס־אנשטאלטן

צבי נדיר (ווילאַווסקי)

# מאַטעריאַלן צו אַ בילאַנס פון יאָר 1932

**איינלייטונגס וואָרט:**

אויפשוווּנג און שעפערישקייט זיינען בולט אין די יאָרן 1930—1939. כמעט אַלע יידישע פּאַרטייען האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט די פאַקטאָרן, וועלכע האָבן געזייט מבוכה צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.

די ווייטערדיקע אַרבעט פּרעטענדירט נישט צו געבן אַ פול בילד פון דער קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין דער פּוילישער פּראָווינץ־שטאָט. די קורצע נאָטיצן קאָנען אָבער דינען ווי טעזן צו אַן אַרבעט און זיינען אַ רמז פון אַ פולסירנדיק יידיש לעבן.

זאָל די אַרבעט זיין אַ צושטייער צו דער געשיכטע פון יידישן יישוב אין פּוילן, ערב דער גרויסער קאַטאַסטראָפע.

פרייטיק, 1 יאַנואַר 1932. „באַראַכאָוו־אַקאַדעמיע" אין לאָקאַל פון דער געזעלשאַפט „אָוונט־קורסן" „פּועלי־ציון" (לינקע).

שבת, 2 יאַנואַר. אַ טאַנץ־אָוונט אין דערמאָנטן לאָקאַל.

מיטוואָך, 6 יאַנואַר. אַ רעווי־קאָנצערט, אויסגעפירט דורכן זינגער יוסף קאַלאַדני. דער טעאַטער־זאַל איז געווען פול געפּאַקט. דער אַרטיסט האָט שטאַרק אויסגענומען.

פרייטיק, 8 יאַנואַר. ארץ־ישראל־רעווי אין לאָקאַל פון „תל־חי"־קינדער־היים. רעזשי: פּרעבליסטין פון קינדערהיים. די צאָל באַזוכער איז געווען גרויס.

שבת, 9 יאַנואַר. מעדעם־אַקאַדעמיע אין לאָקאַל פון דער „קולטור ליגע" („בונד"), באַזוכט געוואָרן דורך חברים פון „בונד".

פרייטיק, 15 יאַנואַר. ארץ־ישראל־רעווי, צום צווייטן מאָל, אין לאָקאַל פון „תל־חי".

שבת, 16 יאַנואַר. אַ טאַנץ־אָוונט אין לאָקאַל פון „תל־חי". באַזוכט פון אַ גרויסן עולם.

מיטוואָך, 20 יאַנואַר. רעוויזיעס ביי די פאַרוואַלטונגס מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט „אָוונט־קורסן": באַרקאַווסקי, פראַנקאַווסקי, ענגעל, אַרקאַוויטש און ראָזענטאַל. אין די וווינונגען האָט די פּאָליציי גאָרנישט געפונען. אין לאָקאַל פון די „אָוונט־קורסן" האָט מען אונטערגעוואָרפן אַ פּעקל קאָמוניסטישע אויפרופן. די אויבנדערמאָנטע חברים זיינען אַרעסטירט געוואָרן.

פרייטיק, 22 יאַנואַר. „וועלט מלחמה אין דער ליטעראַטור" — רעפעראַט פון י. מאָרגנשטערן, אין לאָקאַל פון „תל־חי"־קינדערהיים.

שבת, 23 יאַנואַר. אַ טאַנץ־אָוונט אין דערמאָנטן לאָקאַל.

דינסטיק, 26 יאַנואַר. די אַרעסטירטע „פּוע"צ" חברים זיינען באַפרייט געוואָרן.

פרייטיק, 5 פעברואַר. „וואָרט און געזאַנג"־רעווי־אָוונט אין „תל־חי"־לאָקאַל. אויסגעפירט דורך אָרטיקע כוחות. גוט באַזוכט.

מאָנטיק, 8 פעברואַר. „דער איינציקער מענטש" — טעאַטער פאָרשטעלונג מיט זיגמונט טורקאָוו בראש. די אויספירונג האָט שטאַרק אויסגענומען.

דער ראַטמאַן העניעך הירשביין האָט באַגריסט טורקאָוון צו זיין 15 יעריקער טעטיקייט אויפן געביט פון יידישן קונסט טעאַטער.

שבת, 20 פעברואַר. אַ קאַמעראַלע רעווי, מיטן אָנטייל פון אַרטיסט גראַנאַך.

פרייטיק, 26 פעברואַר. ארץ־ישראל־רעווי, אין לאָקאַל פון „תל־חי". גוט באַזוכט.

שבת, 27 פעברואַר. קאַמעראַלע רעווי, צום צווייטן מאָל, מיטן אָנטייל פון אַרטיסט גראַנאַך פון לאָדזש. גוט באַזוכט.

שבת, 5 מערץ. אַ קאַמעראַלע רעווי — אַ נייער פּראָגראַם.

פרייטיק, 11 מערץ. ארץ־ישראל־רעווי, צום דריטן מאָל, אין „תל־חי" לאָקאַל.

שבת, 12 מערץ. רעציטאַט פון אַרטיסט וואָלפשטאַט. ער האָט געלייענט סעגאַלאָוויטשעס „אין וואַלד". דער פּלאַקאַט איז געווען אַ געלונגענער אָבער דער אַרטיסט...

פרייטיק, 18 מערץ. טרומפּעלדאָר־אַקאַדעמיע, אין לאָקאַל פון „הרצליה".

שבת, 19 מערץ. רעווי־אָוונט מיטן אָנטייל פון אַרטיסט גראַנאַך אין זאַל פון „קולטור ליגע".

דינסטיק, 22 מערץ. פּורים־מאַסקן־באַל אין שטאָט טעאַטער, איינגעאָרדנט דורך קרן־קימת־לישראל.

זונטיק, 1 אַפּריל. רעווי־אָוונט מיטן אָנטייל פון אַרטיסט גראַנאַך, אין לאָקאַל פון „קולטור ליגע".

פרייטיק, 22 אַפּריל. רעפעראַט א. ד. ט.: 17־טער יאָרצייט פון י. ל. פּרץ. דער רעפערענט — ישראל ליכטענשטיין.

שבת, 23 אַפּריל. רעווי־אָוונט אין טעאַטער זאַל, אויסגעפירט דורך די דראַמאַטישע קרייזן פון די „פּועלי־ציון" (רעכטע) און „בונד".

מאָנטיק, 25 אַפּריל. קאָסטיומען־באַל אין שטאָט טעאַטער, איינגעאָרדנט דורך דער „יבנה"־שול.

מאָנטיק, 25 אַפּריל. די קהילה־פאַרוואַלטונג איז אויפגעלעזט געוואָרן דורך דער מאַכט. זי האָט געהאַט אַ מערהייט פון אַרבעטער־פאָרשטייער.

מיטוואָך, 27 אַפּריל. **רעציטאַציע אָוונט פון יידישן אַרטיסט יעקב וויסליץ אין שטאָט־טעאַטער.**

שבת, 30 אַפּריל. **1־טער מאי פאַרזאַמלונג אין לאָקאַל פון דער קולטור ליגע, איינגעאָרדנט דורכן „בונד".**

זונטיק, 1 מאי. **גאַסן דעמאָנסטראַציע פון „בונד". זי איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַן עפנטלעכן מיטינג.**

**1 אַ זייגער נ. מ. — אַ מאי־פאַרזאַמלונג אין לאָקאַל פון „תל־חי", איינ־געאָרדנט דורך די „פועלי־ציון" (רעכטע).**

מאָנטיק, 23 מאי. **אויפטריט פון אַרטיסט יוסף קאלאדני, אין שטאָט־טעאַטער.**

יוני. **נייע וואַלן צו דער קהילה. די רשימה פון די „פועלי־ציון" (לינקע) איז געפּסלט געוואָרן. „פועלי־ציון" (רעכטע) האָבן באַקומען 7 מאַנדאַטן; „ציונים" — 3; „מזרחי" — 2; „אגודה" — 2.**

דינסטיק, 21 יוני. **טעאַטער־פאַרשטעלונג מיט אידאַ קאַמינסקאַ בראש. עס איז געשטעלט געוואָרן די פּיעסע „מיר פרויען".**

מיטוואָך, 6 יולי. **קאָנצערט פון יוסף קאלאדני אין שטאָט־טעאַטער.**

דינסטיק, 26 יולי. **אויפטריט פון אַמעריקאַנער סטאַר דזשעק רעכצייט אין שטאָט־טעאַטער.**




**הועד של הספריה היהודית העירונית בקולו**
**פאַרוואַלטונג פון דער יידישער שטאָט־ביבליאָטעק אין קאָלאָ**
אין צענטער — **שלמה ביזווינסקי**, דער ערשטער לינקס — **דוד קאַנינסקי**

מאָנטיק, 1 אויגוסט. קאָנפערענץ פון קולטור טוער מיטן אָנטייל פון ליטעראַטור־קריטיקער וויניק. די קאָנפערענץ איז גערופן געוואָרן דורך דער יידישער ביבליאָטעק. אויפן טאָג אָרדענונג: וויאַזוי וועלן מיר פאַרשפּרייטן דעם יידישן בוך?

שבת, 6 אויגוסט. רעפעראַט פון נפתלי וויניק אין דער שטאָט־ביבליאָטעק אויף דער טעמע: „וועגן און אומוועגן אין דער מאָדערנער ליטעראַטור״.



מכתב לדוד — אַ בריוול צום פעטער
בילד פון האררי דאַניעלס

שבת, 13 אויגוסט. צוזאַמענטרעף מיטן קינסטלער און בן־עיר הארי דאניעלס, וועלכער איז געקומען פון אַמעריקע.

זונטיק, 21 אויגוסט. בילדער־אויסשטעלונג פון יידישן קינסטלער הערש גוטערמאַן אין לאָקאַל פון דער יידישער ביבליאָטעק. די אויסשטעלונג איז גוט באַזוכט געוואָרן.

שבת, 17 סעפטעמבער. ספּאָרט פאַרמעסט צווישן די מאַנשאַפטן „שטערן״ און קאָלער רעפּרעזענטאַנץ.

שבת, 15 אָקטאָבער. **רעציטאַט פון אַמאַטאָר פרידלייב אין לאָקאַל פון דער „קולטור ליגע". ער האָט געלייענט גוטשקאָוס דראַמע „אוריאל אקאסטא".**

זונטיק, 16 אָקטאָבער. **אַ טאַנץ־אָוונט אין יאַזשווינסקי־זאַל, איינגעאָרדנט דורך דעם ספּאָרט־קלוב „מכבי".**

דינסטיק, 18 אָקטאָבער. **טעאַטער־פאָרשטעלונג „ליבע, זינד, שטראָף". אויסגעפירט דורך די אַרטיסטן שושנה קאהאן און מאריס לאמפע.**

שבת, 22 אָקטאָבער. **יובליי־אַקאַדעמיע: „35 יאָר בונד", אין לאָקאַל פון „קולטור ליגע".**

זונטיק, 23 אָקטאָבער. **טאַנץ־אָוונט, איינגעאָרדנט דורכן ספּאָרט־קלוב „הפועל" ביי די „פועלי־ציון" (רעכטע).**

דינסטיק, 8 נאָוועמבער. **קאָנצערט פון חזן משה קוסעוויצקי אין שטאָט־טעאַטער.**

פרייטיק, 11 נאָוועמבער: **רעפעראַט פון אָרטיקן מעדיצין דאָקטאָר י. ביאלאסטאצקי, א. ד. ט.: געזונטהייט פראַגן", אין לאָקאַל פון דער „קולטור ליגע".**

12—6 נאָוועמבער. **אויסשטעלונג פון קונסט־מאָלער האַרי דאַניעלס (הערש דאַנילעוויטש).**

מיטוואָך, 16 נאָוועמבער **קינדער פאָרשטעלונג פון „בית יעקב"־שול („אגודת־ישראל").**



**בית־הספר הדתי לנערות של „אגודת ישראל"**
**רעליגיעזע מיידל־שולע פון „אגודת ישראל"**
זיצן (אונטן) פון רעכטס צו לינקס: **ראָטפעלד, ראָזנטאַל, שאלאדאווסקא, שטייער.** זיצן (מיטלסטע שורה): **רעסלער, בראַנד, ווינער, די לערערין, זילבער.** שטייען: **קאַן, יאַקובאָוויטש, ראָזענטאַל, בראַנד, הימל.**

פרייטיק, 18 נאָוועמבער. **רעפעראַט פון אַרטיקן מעדיצין־דאָקטאָר ה. פעפער, א. ד. ט.: לונגען קראַנקהייט". דער רעפעראַט איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון דער „קולטור ליגע".**

פרייטיק, 18 נאָוועמבער. **רעפעראַט פון אינזשיניער אנשל רייס, אין לאָקאַל פון „תל־חי".**

שבת, 20 נאָוועמבער. **פאַרלעזונג פון ארץ־ישראל שליח שנייאורסאָן אין לאָקאַל פון דער געזעלשאַפט „פריינט פון אַרבעטער־פּאַלעסטינע", א. ד. ט.: „פון חלומות צו ווירקלעכקייט".**

פרייטיק, 25 נאָוועמבער. **רעפעראַט פון אַרטיקן מעדיצין־דאָקטאָר זוכאוויטש (אַ קריסט). א. ד. ט.: „ווענערישע קראַנקהייטן".**

שבת, 26 נאָוועמבער. **טעאַטער פאָרשטעלונג „ראספּוטין". רעזשי: י. באַרקאַווסקי, אויסגעפירט דורכן דראַמקרייז ביי דער געזעלשאַפט „פריינט פון אַרבעטער־פּאַלעסטינע".**

פרייטיק, 2 דעצעמבער. **אַ פאַרלעזונג פון ד"ר זוכאוויטש, א. ד. ט.: „די פאַזן אין דער אַנטוויקלונג פון קינד". איינגעאָרדנט דורך דער געזעלשאַפט „פריינט פון אַרבעטער־פּאַלעסטינע".**

**פרייטיק, 2 דעצעמבער. אַ פאַרלעזונג פון ד"ר רודעצקא. א. ד. ט.: „ראַציאָנאַלע דערנערונג", איינגעאָרדנט דורך דער „קולטור ליגע".**

שבת, 3 דעצעמבער. **פייערלעכע דערעפענונג פון „מכבי"־לאָקאַל.**

שבת, 3 דעצעמבער. **רעפעראַט פון זשורנאַליסט ב. שעפנער (פון וואַרשע), אין לאָקאַל פון דער „קולטור ליגע" א. ד. ט.: „די ראָל פון געלעכטער".**

פרייטיק, 16 דעצעמבער. **אַ רעפעראַט פון ד"ר ביאַלאָסטאָצקי, א. ד. ט.: „שקאַרלאַטינע", איינגעאָרדנט דורך דער געזעלשאַפט „פריינט פון אַרבעטער־פּאַלעסטינע".**

פרייטיק, 16 דעצעמבער. **אַקאַדעמיע, געווידמעט דעם 15־טן יאָרטאָג פון בער באָראָכאָוו, אין לאָקאַל פון ספּאָרט־קלוב „הפועל". איינגעאָרדנט דורך „פועלי־ציון" (רעכטע).**

מאָנטיק, 26 דעצעמבער. **אין לאָקאַל פון געזעלשאַפט „פריינט פון אַרבעטער־פּאַלעסטינע" — אַ בער באָראָכאָוו אַקאַדעמיע, איינגעאָרדנט דורך די „פועלי־ציון" (לינקע).**

דינסטיק, 27 דעצעמבער. **קינדער־פאָרשטעלונג אין שטאָט־טעאַטער. איינגעאָרדנט דורך דער העברעישער שולע „יבנה".**

שבת, 31 סעפּטעמבער. **אַ רעציטאַט פון אַרטיסט גלאַווינסקי (פון קוטנע) אין לאָקאַל פון דער „קולטור־ליגע".**

שבת, 31 סעפּטעמבער. **אַ טאַנץ־אָוונט אין יאַזשווינסקא־זאַל.**

שבת, 31 סעפטעמבער. **פייערלעכע דערפענונג פון קיבוץ־הכשרה פון החלוץ הכללי.**

*

דער שרייבער פון דער רשימה האָט געהערט צום יוגנט־קרייז, וואָס האָט געזאַמלט פאָלקלאָר־מאַטעריאַל פאַר'ן יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע.

דער איניציאַטאָר פון קרייז איז געווען דער ליטעראַטור־קריטיקער נפתלי וויינינג — אַ לערער אין דער אָרטיקער יידישער גימנאַזיע. שפּעטער — אַ תושב, העזיע פרענקעלס איידעם.

אין חנוכה 1931 איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פונם יוואָ־קרייז. נאָכן באַקומען אויפקלערונגען וועגן ציל פון אינסטיטוט, זיינען 6 יוגנטלעכע צוגעטרעטן צו דער אַרבעט.

די כראָניקאַלישע רשימה וועט אפשר זיין אַ קליינער ביישטייער צו אַ גרעסערער אַרבעט וועגן דער קולטור־טעטיקייט אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן ערב דער גרויסער טראַגעדיע.



חברי פוע"צ ו„בורוכוב־יוגנט" נפרדים מח' צבי נדיר (יילובסקי) לעלייתו לארץ ישראל
פוע"צ חברים און „באָראָכאָוו־יוגנט" געזעגנען דעם ח' צבי נדיר (יילאָבסקי) צום אָפּפאָרן קיין א"י

אהרן פשעדעצקי

# די „יבנה"־שולע

צוויי יידישע שולעס אין קאָלאָ האָבן געהאַלטן אין יאָר 1929 ביים צוזאַמענברעכן זיך: די העברעישע גימנאַזיע און די רעליגיעזע שולע „עץ־החיים" —ביידע זיינען נישט געווען קיין רעזולטאַט פון דער יידישער עקאָנאָמישער לאַגע, פון מאַטעריעלן קריזיס. יעדע וואַקלונג האָט געהאַט איר סיבה. די העברעישע גימנאַזיע איז נישט געווען צום האַרצן דער פוילישער מאַכט, מען האָט פשוט איר אונטערגעשטעלט אַ פוס, זי זאָל אומפאַלן. די פוילישע מאַכט איז געווען פאַראינטערעסירט, אַז יידישע קינדער זאָלן לערנען אין די פוילישע פאָלקסשולן — די „פאָווסעכנעס". „עץ־החיים" ווידער — טראָץ די געלט־טראַנספּוזיעס פון אויסלאַנד, פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אין ענגלאַנד און אַמעריקע — האָט נישט געהאַט אויסצוצאָלן די לערער און מלמדים דעם נישטיקן חודש־לוין. די שולע האָט געהערט צו „אגודת־ישראל", וועלכע האָט געהאַט שוואַכע סימפּאַטיע אין דער שטאָט. דער גייסט פון דער שולע — שווער צו זאָגן צו וואָס זי האָט דערצויגן, נישט געווען קיין פּעריפעריע אַרום דעם דאָזיקן אַנשטאַלט. די עלטערן, וועלכע האָבן סימפּאַטיזירט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָבן געוואָלט אַז זייערע קינדער זאָלן דערצויגן ווערן אין דעם גייסט.

אין קאָלאָ זיינען געמאַכט געוואָרן עטלעכע פּרוּוון אויפצושטעלן אַ שולע, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן די באַדערפענישן פון דער צייט און זיין אַ נאַציאָנאַלע שולע. די „חדרים מתוקנים", האָבן נישט געשלאָגן קיין טיפע וואָרצלען, אפשר דערפאַר ווייל זיי זיינען געגרינדעט געוואָרן דורך יחידים, נישט געהאַט קיין געזעלשאַפטלעכע קערפּערשאַפט זיך אָנצושפּאַרן. די לערער זיינען געווען די איינציקע באַלעבאַטים פון די שולעס, די געזעלשאַפט האָט נישט געהאַט איבער זיי קיין שום קאָנטראָל.

אין יאָר 1928 האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע עלטערן פון קינדער אין שול־עלטער אין לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דער ציל פון צוזאַמענקונפט איז געווען: וואָס ווערט זיין מיט אונדזערע קינדער? אין אַריינפיר־וואָרט פון איינעם פון די אָנוועזנדע איז געזאָגט געוואָרן: „לאָמיר אויפשטעלן אַזאַ טיפּ שולע, וועלכע וועט אונטערגעשטיצט ווערן פון אַלע ציוניסטישע שאַטירונגען: אַלגעמיינע ציוניסטן, „פּועלי־ציון" (רעכטע און לינקע), מזרחי און אומפּאַרטייאישע".

די פאַרזאַמלונג האָט געהאַט אַ המשך און אַן אָפּקלאַנג. נאָך לאַנגע באַראַטונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ ציוניסטישע רעליגיעזע שולע, וועלכע זאָל געניסן פון דער סימפּאַטיע פונם גרעסטן רוב פון דער יידישער באפעלקערונג.

עס איז נאָך נישט געווען קיין מנהל און נישט קיין פּעדאַגאָגישע לייטונג אין פינדעסטווענגן האָט מען אָנגעהויבן אַ טעטיקייט.

די איניציאַטאָרן : ז. ברעסלער, י. זאלקינד און א. פשעדעצקי, זיינען געגאַנגען צו די עלטערן אין זייערע וווינונגען, כדי זיי זאָלן פאַרשרייבן זייערע קינדער אין קומענדיקן שול־יאָר אין דער נאָך־נישט געבוירענער „יבנה"־שולע. שווערע פּראַגן זיינען אַרויסגערוקט געוואָרן מצד די פּאַראינטערעסירטע און מען האָט געמוזט גלייך אויפן אָרט ענטפערן. די שווערסטע פראַגע איז געווען : איז דאָס אַ יינגל־שולע, אָדער אַ שולע פאַר מיידלעך, און אפשר אַ געמישטע ?

ווייניק עלטערן זיינען מיטגעריסן געוואָרן פון דעם ענטוזיאַזם פון די גרינדער. מיט אַכט קינדער איז געעפנט געוואָרן אין 1929 די שולע. עס האָבן אין דער ערשטער קלאַס באַזוכט זעקס יינגלעך און צוויי מיידלעך. מיר וועלן אָנגעבן זייערע נעמען : צוויי יינגלעך פון זלמן ברעסלער ; אַ יינגל און אַ מיידל פון אהרן פשעדעצקי ; אַ יינגל פון יוסף אביגדור זאלקינד ; אַ יינגל און אַ מיידל פון יאטא יאקובאוויטש ; אַ יינגל פון הימעל שניידער.

דעם לערן־פּראָגראַם האָט מען געבראַכט פון דער „יבנה"־צענטראַלע אין וואַרשע און לערער האָט מען גענומען אָרטיקע. די צוויי הויפּט־כוחות אויף לערנען העברעיש און דערציען אין ציוניסטישן גייסט זיינען געווען משה קאַט און כתריאל שאלאדאווסקי. צוליב שפּאָרזאַמקייט טעמים האָט מען נישט געדונגען קיין



הנהלת ביה"ס „יבנה" וחבר־המורים — פאַרוואַלטונג פון „יבנה" און לערער־פּערסאָנאַל

לאָקאָל — די לעקציעס זיינען פאָרגעקומען אין גרויסן צימער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מען האָט אים צעטיילט אויף צווייען דורך אַ פאָרהאַנג. די קינדער זיינען געזעסן ביי לאַנגע טישן, ווייל עס איז נישט געווען קיין פאָנד אויף צו קויפן ספּעציעלע שולע־בענק. די איינציקע זאַך וואָס האָט דעם צימער צוגעגעבן איין אויסזען פון אַ שולע, איז געווען דער שוואַרצער טאָוול.

צום צווייטן שול־יאָר איז מען שוין געווען האָפערדיקער. עס האָבן זיך פאַרשריבן בערך פופציק קינדער. די סימפּאַטיע פאַר „יבנה" איז געוואָרן גרעסער. מען האָט געבראַכט פון קרינקי, 2 לערער — אַ פאָטער און זון, וועלכע האָבן נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. מיטן אָנקום פון לערער סטאַראזשינסקי, אַ געוועזענער לערער אין אַ „תרבות"־שולע האָט מען אָנגעהויבן זען די ערשטע פרוכט. דער שם פון דער שולע איז געווען אַ שם־טוב. אויך די לערער פאַר די אַלגעמיינע לימודים: וואנכאצקער, א קרובה פון יאבלאנער רבין, שרה בארקאוו־סקא, גראסמאן ליסאק — האָבן געטאָן זייער אויפגאַבע בשלימות. העברעיש און תנ"ך און פאַלעסטינאָגראַפיע האָבן געלערנט די לערער האַלטער און אַן אביטורענט פון וואַרשעווער „תחכמוני"־סעמינאַר.

פון יאָר צו יאָר איז פאַרגרעסערט געוואָרן דער שולע־לאָקאַל. מען האָט געדונגען אַ חורבה, בשכנות, און זי רעמאָנטירט. מען האָט אין דעם רעמאָנט און דירה־געלט אַריינגעבראַקט אַ גרויסע סומע. זאָל דאָס דערמאָנט ווערן צום גוטן: אַ מיטגליד פון שולע־קאָמיטעט האָט דאָס געלט אויסגעבאָרגט, עד שירחיב — ביז די שולע וועט פון אירע איינקונפטן אים ביסלעכווייז אויסצאָלן. די שולע האָט באַקומען נייע צוויי צימערן און צוזאַמען מיט די דריי פון פריער — פינף חדרים.

אָרדענונג, דיסציפּלין, נאַציאָנאַלע דערציונג — די אַלע מעלות האָבן צוגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט. די לערער האָבן אין די אָוונטן צוגעגרייט פאַרשטעלונגען מיט די קינדער, זיי געבראַכט אין קאָנטאַקט מיט דער געזעלשאַפט. פון צייט־צו־צייט זיינען פאָרגעקומען אויספלוגן און אַלע האָבן זיך געבענטשט מיט דעם יינגן דור, וואָס מאַכט גרויסע פאָרשריט אין די יידישע און אַלגעמיינע לימודים.

עס זיינען אַדורך פיר יאָר זינט דער אַנטשטייונג פון דער „יבנה"־שולע און די צאָל שילער האָט דערגרייכט הונדערט און פופציק. די לייטונג איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם הרב יעקב ליטמאן ז"ל, וועלכער איז אויך געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. מיט זיין אָנקום איז געלייגט געוואָרן דער טראָפּ אויף רעליגיעזער דערציונג און אַ טייל לערער זיינען אַוועק. די פינאַנסיעלע באַזע פון דער שולע איז געווען אַ פעסטע און די באַפעלקערונג האָט אונטערשטיצט

אַלע אימפּרעזעס, פאַרשטעלונגען און קאָנצערטן, זיי האָבן אַריינגעבראַכט אַ גרויסע הכנסה. צווישן די לערער איז געווען אַ יינגער דראַמאַטורג, וועלכער האָט פאַרעפענטלעכט אַ היסטאָרישע דראַמע אין יידיש. שלום אש האָט צום מחבר געשיקט אַ וואַרימען בריוו און שטאַרק געלויבט דאָס ווערק.

ווי ווייט עס איז געוואַקסן די סימפּאַטיע און אָנערקענונג פאַר דער שולע, קאָן מען אַראָפּלערנען פון פאַקט: אויך בונדיסטן האָבן געשיקט זייערע קינדער אין „יבנה״.

אין יאָר תרצ״ג האָט די שולע געפייערט די אַנטהילונג פון איר פאָן, דאָס איז געווען אַן אימפּאָזאַנטע פייערונג וועלכע האָט איבערגעלאָזט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. צווישן די געסט, וועלכע זיינען געקומען אין טעאַטער־זאַל, האָט מען געזען די פּראָמינענטסטע פּערזאָנען פון שטאָט — יידן און אויך קריסטן.

בייטאָג איז פאָרגעקומען אַ גרויסע קינדער־דעפּילאַדע און אויך אַן אויפמאַרש. דער צוג איז געגאַנגען פון מיכל־לייב ראופּס פּלאַץ, ביז צום אַלטן און נייעם מאַרק, און צום שטאָט טעאַטער.

אַ גרויסע אַטראַקציע איז געווען דאָס אַריינשלאָגן זילבערנע טשוועקעס אין פאָן־שטאַנג. אויף יעדן טשוואָק איז געווען אויסגראַווירט דער נאָמען פון מנדב. די טשוועקעס האָבן אַריינגעבראַכט אַ גרויסע הכנסה פאַר דער שולע.

די פאַרבליבענע אין קאָלאָ דערציילן:

גרויס פאַרשריט האָט די שולע געמאַכט אין יאָר 1936 — זי איז דאַן צוגעטרעטן בויען אַן אייגענעם בנין.

דער גביר און נדבן משה־לייב לעווין, האָט דאַן געשפּענדעט פאַר דער שולע אַ פּלאַץ, וווּ עס וועט אויפגעשטעלט ווערן אַ צוויי שטאָקיק הויז (12 צימערן) און אַרום אים וועט זיין אַ גרויסער שפּיל־הויף און אַ גאָרטן.

די פייערלעכקייט פון לייגן דעם ערשטן ציגל, איז געווען זייער גרויס, ס׳האָבן זיך אין איר באַטייליקט מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג. מיטגלידער פון דער שולע־פאַרוואַלטונג: סאַלאמעא איזשביצקא און רעסלער זיינען דאַן אַרויסגעפאָרן אין די גרעסערע שטעט, באַזוכן די פאַרמעגלעכע קאָלער איינוווינער וואָס האָבן פאַרלאָזן די שטאָט און געזאַמלט ביי זיי תרומות, כדי רעאַליזירן דעם בוי־פּלאַן.



הרב יעקב ליטמאן־אבטליון ז״ל

הרב יעקב ליטמאן־אבטליון

## חג הביכורים בביה״ס „יבנה״

„...אם אחיה שנים רבות לא אשכח את חגיגת זכרון הביכורים בשנת תרצ״ד. היתה זאת חגיגת הביכורים הראשונה בבתי הספר שבפולין. היא התחילה בתהלוכה נהדרת של מאות תלמידים ותלמידות, כולם נשאו סלי־ביכורים מקושטים בפרחים ובדגלים. בראש התהלוכה — רוכבים על סוסים, ואחריהם — רוכבי אופניים והתזמורת. הצועדים אחריהם — מאות צעירים מארגוני הנוער שבערי הסביבה, כל קבוצה על דגלה. המונים נלוו אליהם וצעדו לכיכר־גולדברג, שבפרבר הקלישאי.

על מגרש רחב־ידיים נערכה החגיגה. בטקס — שירים וריקודים. ההכנסה של הביכורים היתה קודש לקרן־הקימת־לישראל. מר רוזנטל, ישיש בן שמונים שחזר מארץ־ישראל, פרץ בבכי מרוב שמחה על שזכה גם בגולה לחגיגה ארצישראלית אמיתית. אמרו אז: „מי שלא ראה שמחה זו, לא ראה שמחה יהודית בגולה מימיו״.

ההצגה „שמחת בית השואבה״ שהוכנה ע״י חבר המורים והתלמידים והוצגה בתיאטרון העירוני, זכתה לתשואות ולמחיאות כפיים עד אין סוף. התלמידים הוכיחו, כי רמת ידיעתם בעברית היא גבוהה. הביצוע האמנותי — הולל בפי כל.

בשנת תרצ״ו, כשעלה המנהל לארץ־ישראל עם בני־משפחתו ליווהו אלפי אנשים לתחנת הרכבת. הגויים שאלו על הטעם של הפגנה זו, והשיבו להם: „בזאת אנו מביעים את קשרנו הנפשי האמיץ לארץ־ישראל !״

שרה בוצקער־נוימאן

# בית־הספר היסודי הממשלתי

מקובל היה בחינוך היהודי בקולו: ילד בהגיעו לגיל שש נשלח ל„חדר", שבו עשה על הרוב עד היותו ל„בר־מצווה", ובת — „ווי עס לאָזט זיך", ז"א — לכל מקום־לימוד שאפשר לשלחה. הקושי העיקרי היה שכר־הלימוד. משפחות מטופלות בילדים שקלו היטב איך לצמצם את ההוצאות: שכר־לימוד לשלושה־ארבעה ילדים לא היה מן הדברים הקלים.

עם תקומת פולין נוסדו ע"י השלטונות בעיר כמה בתי־ספר יסודיים ובהם קיבלו חינוכם ילדים פולנים ויהודים כאחד, לא הגבילו ולא הפלו ביניהם. משפחות שמחוסר אמצעים לא יכלו לשלוח את הבנות לבית־הספר היהודי לבנות של משפחות צ'רנוז'יל, ראו בבית־הספר היסודי הפולני עזרה לא מבוטלת. בשיחות ובדיונים של ההורים נשמעו הנימוקים: הרי בזה כבזה לא מלמדים מקצועות יהודיים! לא יידיש ולא עברית.

זוכרת אני את בית־הספר היסודי הפולני, שבו התחלתי לבקר בגיל שבע. מקומו היה בבניין קטן ליד הגשר הוורשאי, בקרבת המוסדות של הגרמנים — ה„טמפל" האֶוונגלי.

המצב של בית־ספר זה היה עלוב למדי. חינוך־חובה היה קיים, למעשה, על הנייר בלבד. מעטים היו ההורים, מן הגויים ומן היהודים, שמילאו את הפקודה לחנך את ילדיהם וילדותיהם. לא ייפלא איפוא, כי מספר הלומדים היה קטן מאוד. יהודי־העיר לא הרבו לשלוח את הבנות לבית־הספר, ובייחוד לבית־ספר של גויים. והפולנים — להם היו מוסדות נוספים בשכונת הפולנים.

זכורה לי השיחה בין ההורים: „לאחר שתגמור את בית־הספר נקרא ל,מלמד' שילמד אותה קצת קריאה ב,סידור' וכתיבת מכתב יהודי". זה היה ה„מטען הרוחני" של בת יהודית.

לא העליתי אז על דעתי כלל מה צפוי לי בבית־הספר הזה, בו ראיתי את עצמי כשבויה בין הגויים. בכיתה הראשונה היו בסך־הכל שתי ילדות יהודיות. התלמידים והמורים רובם ככולם היו פולנים־נוצרים.

כאמור, לא הרבו תושבי קולו לשלוח, בראשית שנות העשרים, את הבנות לבית־הספר היסודי. משום כך — נמצאו בכיתה אחת שתיים־שלוש כיתות. מורה אחת מנצחת על כולן כמו על תזמורת. בשעה ששתי כיתות היו עסוקות בעבודה מעשית — בכתיבה, בציור, או במלאכת־יד — היתה הכיתה האחרת שומעת שיעור מפי המורה.

הייתי מאושרת שזכיתי ללמוד, אך אושרי הועם ע״י הגילויים האנטישמיים של המחנכת שלי, הגברת קראַשבסקה. התלמידות היהודיות הרגישו בכל צעד ושעל את הזלזול בהן. סבלנו לא מעט מהתלמידים הפולניים, שהציקו לנו ולא היה בידנו להגיב על מעשיהם. צפינו שהמורה תגלה את רחמיה עלינו. הרי בשיר אחד קראנו, כי „שמש אחת מאירה לכל הדרים על פני הארץ״, כמדומני של המורה־המשורר סטניסלב יחוביץ׳. הרגשנו יום־יום ושעה־שעה, כי אנחנו בגלות.

ילדי היהודים התאמצו ללמוד בשקידה, שאולי בזאת יזכו לאהדה. אכן, היינו בין התלמידים המצטיינים.

אחרי־הצהרים עברו עלינו שעות של שעמום. ההורים היו טרודים בדאגות פרנסה. האחיות המבוגרות היו עסוקות בהכנת השיעורים.

למורה קרשבסקה היתה שיטה מיוחדת בחינוך: כאשר רצתה להראות לילדים הפולנים את יכלתה להשליט משמעת — היתה בוחרת בילדות יהודיות, שנעשו „שפני נסיון״. יש שלאחר הפרת משמעת, קראה את אחת היהודיות וצעקה בקול: הגישי כף־ידך! ומיד נפלה מהלומה של סרגל והאצבעות „נכוו״ וזרם דמעות פרץ מהעינים. פעם אחת לא יכולתי לכבוש את כעסי, ושאלתי: „מדוע דווקא אני מקבלת את העונש?״ ואז הגבירה את קולה: „שתקי! שום איש לא ביקש שתשאלי שאלות מחוסרות־טעם״!

באותו יום שבתי הביתה עצובה ונרגשת. כל חשקי ללימודים פג. אמנם, המורה היתה מחוננת בהרבה סגולות, היא פקחה את עיני לראות דברים שעד כה




בית־ספר יסודי ממשלתי — די „פאָווששכנע״־שולע

לא ידעתי על מציאותם, אבל... מה טעם בלימודים, שהם מלווים עינויי־נפש ובזיון? לבקש מהורי שיעבירוני לבית־ספר אחר — לא העזתי. ידעתי את מצבם הכלכלי, רבץ עליהם שכר־לימוד בעבור אחי ואחותי המבוגרים.

אולם לא כבשתי את כעסי וסיפרתי להורים מתחילה ועד הסוף. הם הקשיבו לכל מוצא־פי ותליתי תקווה בהאזנה זו. עברו רגעים מספר והוציאו משפטם:

— אנחנו בגלות וגם ילדי־יהודים בגלות צריכים לסבול! מהיום ואילך, עליך למנוע מהמורה כעס ורוגז, לשבת בכיתה כרואה ואינה נראית, לשמוע ולשתוק ולא להשמיע כל דבר עד שהיא תדרוש תשובה!

ל„יושר" הזה לא הסכמתי, אך קיבלתיו. הגרוע ביותר היתה אמירתם: „אם מישהו מהילדים הנוצרים יפגע בך — אל תבואי למורה־המחנכת בטענות. השתדלי לא לתת להם עילה כלשהי להרבצות".

הפכתי לעכברון החרד לכל אוושה. פחדתי לפצות פה גם בשעה שהמורה שאלה את הכיתה: „מי יודע להסביר את הבעיה בחשבון"?, שכן מי יודע אם לא אעלה בכך עלי את חמת חברי־לכיתה?

אסרתי על עצמי לטעום בצל ושום, שמא ירגישו ילדי הגויים בריח שיעלה מפי (הגויים לגלגו, כי מפי היהודים נודף ריח בצל ושום); השתדלתי להתעלם מההתעללות של שכנתי לספסל.

הקלה מועטה חלה בשעה שעברתי לבניין אחר, בקרבת מסילת־הברזל. כאן היו 7 כיתות והרוח היתה טובה יותר. גם נערים יהודים למדו שם והיו לנו, לבנות, למגן. אף הנערים סבלו מהתעללות השובבים. הפולנים ניהלו עמנו „מלחמה קרה": הראו לנו סיכות ואמרו, כי הן משוחות ברעל ורק בעקיצה אחת „יגמרו" את חיינו... על הרעות גמלנו להם בטובה. בהפסקות עזרנו להם: נתנו למפגרים ולעצלנים להעתיק את התשובות מהמחברות שלנו. ילדים יהודים העתיקו במו ידיהם את הפתרונות והכל — כדי למצוא חן בעיניהם.

תחילה היינו חפשים מהלימודים בשבתות, שהרי יהודים אנחנו. אחרי זמן־מה באה גזירה חדשה: בשבת פטורים אנו מכתיבה בלבד, אולם עלינו להקשיב לשיעורים.

חדשים מספר בא מורה יהודי, גולדברג, ללמד אותנו היסטוריה יהודית. דידוש זה בבית־הספר בא כפיצוי לתלמידים, שלא נכחו בשיעורי ה„קטכיזם" — לימוד הדת הקאתולית. השיעורים של מורה זה לא האריכו ימים.

בשעת שיעורי ה„קטכיזם" היינו הפשיזם, התנהל בינינו ויכוח: האם שעות פנויות אלה לטובתנו? לא היתה דעה אחידה. אלה ששאפו ללמוד, ביקשו לנצל כל שעה משעות היום. ידענו יפה: בגמר כיתה ז' — סוף ההשכלה!

המנהל גילה לא אחת רוחב־לב. הוא מצא בין התלמידים בעלי־כשרון והציע להם לפנות לקהילה היהודית בדבר „סטיפנדיה", שיוכלו להמשיך אח"כ את

הלימודים בסמינר למורים, להיות בין המחנכים. המנהל אירגן בביתו „קורס השלמה" תמורת תשלום קטן, ולא אחד קיווה, כי משהו יצמח מזאת, אך כל החלומות והתכניות בטלו ועברו.

בגמר בית־הספר העממי באה על הילדות היהודית מבוכה שאין לפטור אותה במשפטים מעטים. השאלה „ומה הלאה?" לא נתנה מנוחה. ללמוד מלאכה — רק לתפירה ולריקמה ולכובענות — יכולנו להתקבל. לעזור במשק בית — לא ראינו תכלית בבישול ובסידור החדרים.

לשום מוסד ציבורי עירוני לא נתקבלו יהודים. אחת מאלף זכתה בפקידות במוסד יהודי — ב„באנק הסוחרים".

עם גמר כיתה ז' נמצאנו בטלות. החצי הראשון של היום עבר עלינו בהת־עסקות בבית ההורים, והערב—ב„טיול" על המדרכה הנודעת של יוז'וינסקי ובקריאת רומנים.

התנועה הציונית והתנאים הכלכליים הם ששינו את מהלך המחשבות של הבנות המתבגרות. נסתמנה דרך: להגר לכל ארץ שתקלוט, ובראש וראשונה לארץ ישראל, אם גם יהיה צורך לפרוץ את ההסגר ולסכן את החיים.

קולטור־קאָמיסיע ביי דער יידישער געזעלשאַפטלעכער ביבליאָטעק אין קאָלאָ.

---

## א י י נ ל אַ ד ו נ ג

חשובער פריינט! אין דער צייט ווען אין דער גאַנצער יידישער וועלט פירט זיך אַ קאַמף פאַרן אויפלעבן פון דער יידישער קולטור, קאָנען מיר דאָ אויפן אָרט נישט בלייבן גלייכגילטיק.

נאָכמער, לעצטנס פילט זיך שוין זייער שטאַרק די קולטור אָפּגעלאָזנקייט און די אַסימילאַציע צווישן דער היגער יידישער יוגנט.

מיר רופן דעריבער דעם בעסערן טייל פון דער געזעלשאַפט זיך צו שטעלן אין די רייען פונם דאָזיקן קאַמף און מיטהעלפן דער אויפבוי־אַרבעט פאַר דער יידישער און אַלגעמיינער קולטור.

מיר לאַדן אייך איין אויף דעם ע ר ש ט ן צ ו ז אַ מ ע נ ט ר ע ף וואָס קומט פאָר אינם לאָקאַל פון דער יידישער ביבליאָטעק, שבת דעם 6־טן אוגוסט 3 אַ זייגער נ. מ.

סדר היום: 1) אונדזער קולטור־אַרבעט; 2) רעפעראַט פון נפתלי וויינינג: „וועגן און אומוועגן פון דער מאָדערנער ליטעראַטור".

אַ ר י י נ ג אַ נ ג א ו מ ז י ס ט. אָן דער איינלאַדונג ווערט נישט אַריינגעלאָזן.

י. מנוח

# מורי ר׳ מאיר זלצמן

למעלה מיובל שנים עברו מאז כשאני, נער קרוב לבר־מצווה, הלכתי ברגל מעיירת מולדתי באביאק אל עיר המחוז קויל (קאלא), דרך של עשרים ואחת ויארסטאות, על מנת ללמוד בה תורה, הלכתי ללמוד אצל ר׳ מאירל ששמו הלך למרחקים.

איני זוכר כיום מה היה המטען והצידה שהיו עמי בדרכי. ואפשר ולא היה עמי דבר מלבד סידור התפילה והתפילין שעתיד הייתי בקרוב להניח. עניים היו הורי וידם לא השיגה לציידני במיוחד, ומלבד זה הייתי כבורח מן הבית — חשקה נפשי בתורה.

אחרי יום יומיים הסתופפתי ב„חדר" של ר׳ מאירל, שיותר מאשר החפץ ללמוד לא ראה בי, והניחני אצלו עד שיפקדוני ויסדרוני. ואמנם כן. כעבור כמה ימים באה אמי ע"ה, ביקרה אצל קרוביה והשיגו „ימים" בשבילי. ובשבוע שלאחרי זה הופיע אבי ז"ל והציע לרבי שלושה רובלים שכר־לימוד במקום חמישה, לפחות, שאחרים שילמו. הרבי הסכים. האמין לו, לאבי, שגם שלושה הם למעלה מיכלתו.

זכורה לי עמידת אבי וזכורים לי הדברים שהשמיע באזני אני ובאזני הרבי. לפי מצבי — כך אמר — צריך היה למסרני ל„תלמוד תורה" שהלימוד בו על חשבון הכלל, אבל מתוך שהוא אבי וחייב בהקניית תורה לי, מוטב ויחסוך מפיתו, ומפת בני ביתו, וישלם שכר־לימוד ובלבד שלא יזדקק לקופת צדקה. הד הדברים ואופן אמירתם נחקקו בזכרוני ולעולם לא ימושו משם. הרבי התרשם כנראה גם הוא ומעין קרבת נפש קמה בינו ובין אבי. עינו היתה תמיד עלי לטובה.

שלושה עשר תלמידים היינו. כמה מהם זכורים לי עדיין בשמותיהם: פיבל בהרב, יהודה לנגנס, שמואל אליהו שלזינגר ומשה וולקוביץ׳. חבורה של שובבים גדולים. פרט למשה וולקוביץ׳ — כולנו יד אחת ולב אחד, חבורה עליזה, עושי מעשי קונדס ותעלולים אין סוף. כל סוד לא גילינו ולא דיברנו סרה איש ברעהו. יהי אשר יהי.

דירת הרבי היתה בקצה הרחוב הקלישאי, בקומה השנייה של בית עץ, השייך לפולני נוחר חזירים. בכניסה חצינו, בקצה, חצר גדולה מוקפת גדר־עץ גבוהה ואטומה. בחצר זו, שהיו בה כמה דירים ובית־שימוש, ערכנו את משחקינו בשעות בין הערביים, כשר׳ מאירל הלך לשעה קלה להתפלל „מנחה" ולשוחח עם ידידיו בדברי תורה, או כשהזמינוהו לפני הצהרים ל„פדיון הבן", כי כהן היה. שם הכינונו בראשית החורף את כדור השלג כשהפתיתים הראשונים התחילו לנפול

מהשמים; שם טיפסנו על הגדר הגבוהה והתחלקנו ממנה, לכל גבהה, אל מדרכת הרחוב. ברשות יחיד זו עמדנו, בשורה ערפית, רכונים עד חצי הגוף, נשענים בשתי הידיים על רגל ימין, קפצנו־טסנו והתחלקנו, בזה אחר זה, מעל לגבים הכפופים, כשהצחוק, העליזות והשמחה ממלאים את החלל.

ויצויין פה לשבח הגוי הפולני, בעל הדירה. לא מעט ירדנו לחייו. כל ירידה של שנים־עשר פרחחים כמונו במדרגות־העץ היתה מעין רעידת אדמה, כאילו הופכים עגלת־אבנים מגובה רב. והוא נשא את זה. הרבי, שהיה לו כנראה מוסר כליות מירידתנו הפראית, עיכב אותנו לא פעם ביציאה ושמר עלינו שנרד אחד־אחד, זה אחרי זה, אולם אנחנו היינו מתעכבים למטה, מחכים עד שהאחרון הגיע והרבי נכנס לחדרו. אז היינו עולים במדרגות על הבהונות ו־„בום"!!! — גלישה מטורפת. לר' מאירל גם לא היה רשיון להחזקת ה„חדר". ולא פעם כשהיה מתקרב מפקח או שוטר סתם, היה הגוי קורא לו מלמטה: „מאיר, מאך צו די גמרות!" (מאיר, סגור את הגמרות). וזה היה סימן של אזהרה ואנו היינו בשמחה מתחמקים ונעלמים כשצחוק חנוק בבטננו.

שני חדרים היו בקולו שאפשר לכנותם במונחים של היום: „חדרים תיכוניים", אחד של ר' אפרים שלומפר ואחד של ר' מאירל זאלצמן. זה האחרון מקובל היה כראשון במעלה, חשוב ונכבד.

השולחן שעמד כאילו בקרן זוית מוקף ספסלים, שעליהם ישבנו, מילא חלק נכבד מחלל החדר. בקצהו עמד ר' מאירל וחצי גופו נטוי קצת לפנים, כפוף, כאילו עומד מעל פני התלמידים. בעל קומה בינונית היה ואת פניו הצנועים הקיף זקנקן שחור ודליל. שני „זמנים" עשיתי בחדרו ואיני זוכרו אף פעם במצב של ישיבה. תמיד עמד ועל פניו ארשת של ציפיה מתוך הקשבה שבלב. כשקרא את שיעורו והסבירו, בקול פנימי עמוק, ועיניו תרו מתלמיד לתלמיד — יותר משהיה נתון לראשים השלוחים אל פני הגמרות, נתון היה לעצמו, לקול הבוקע מתוכו ולוקח אותו כולו שבי. אותה סוגיה שהיה משמיע באזנינו, השקלא וטריא הנראות סבוכות למשמע אוזן, היה מציג אותן בפשטות; היה מדבר כאילו אל עצמו, משנן ומתלהב ונהנה. ה„מלמדות" לא היתה מקצוע, משלח־יד שממנו פרנסתו. לא! היה היה זה משהו נעלה, הנמצא בספירות העליונות, דבר לשמו, שקיום ישראל תלוי בו — ובחלקו נפלה הזכות להורידו משם אל דרי־מטה. הוא לא לימד בעד כסף. חלילה, שכר־בטלה קיבל, אבל לא תמורה בעד הרבצת תורה. ר' מאירל ראה את לימוד התורה כשליחות, כמצווה גדולה הנותנת טעם לחייו. ואמנם הוא עשה את מלאכתו באמונה, באהבה ובמסירות גדולה.

לא אשכח איך שהציע לי להקדים לבוא אליו בבוקר, לפני בוא האחרים. בשעה חמש, בשעה שש. כך מציע נער אוהב פגישה עם נערתו האהובה עליו. פיתוי היה בקולו והבטחה. ואמנם באתי. אני זוכר את עיניו הזוהרות ובאיזו שמחה ישבנו

בבוקר־קיץ וצללנו במעמקי לימוד הגמרא. ואותה שמחה חזרה כל יום. תמיד זרועות פתוחות ואותו קול מושך. דומה, הוא חייב תודה לי על שאני מאפשר לו להרעיף עלי מאהבתו הגדולה ללימודי התורה. לימוד הגמרא בניגונו הערב והמשתפך, ספוק הכיסופים ללא נודע, והגורף עמו את כל הבא במחיצתו; באמת — ר׳ מאירל היה בא־כוחו הנבחר ביותר. הנה הוא מניע את חצי גופו, שעה שידיו שלובות על גבו וקולו, ההולך בחדר, רווי ערגה לעולמות נעלים, מקום שם הטוב והישר הם בני־לוויה נאמנים לכל העוסקים בתורה לשמה ובשמחה. ובשעה שחזרנו, אנחנו, על השיעור, עמד הוא דום ופיו פתוח במקצת, מתיחות שהיא שפוכה על פניו ועצור נשימה, כמעט, היה כולו קשב, מוכן כל רגע לקפוץ ולהורות, לתקן, להדריך ולהסביר, או שסקרנות מהולה בשמחה לקחה את מקום המתיחות: קול רך של נער מיטיב לחזור על השיעור, ליטף את שמיעתו ונפשו תרווה נחת. וכך יום יום, שבוע, חודש — „זמן". מצב נפש כזה, נכונות תמידית כזאת אינם נקנים בכסף. כי הלימוד, הוראת אחרים, היתה אהבתו הגדולה. הוא עבד בה את הבורא, מתוך ענווה, אושר והצנע לכת.

כעבור י״ח שנה לערך באתי שוב לקויל, כשליח קרן־הקימת־לישראל באתי. בנשאי את דברי בבית־הכנסת בשבת, בין מנחה למעריב, עמדו מסביב לי על האלמימר חברי מה„חדר". צפופים ודחוקים שפעו עלי מחמימותם, מגאוותם ואהבתם.

הערבים ששהיתי בקולו עברו עלינו בזכרונות על הימים ההם המאושרים. היכן הם כיום היקרים ההם?

הלכתי כמובן לבקר את הרבנית טריינה, כי הרבי ר׳ מאירל כבר לא היה בחיים. העתיקה את דירתה לרחוב הדייגים (פישער גאס). היא הזכירה לי איך שהיתה נעמדת בפתח ה„חדר", ואני, משראיתיה — הבינותי שהיא זקוקה לעזרה כלשהי. מיד הייתי יוצא כאילו לעשות צרכי (הרבי לא הרשה בשום אופן להושיט כל עזרה לרבנית), והיא שלחתני לחנות לקנות איזה מצרך, או להביא דלי מים מהמשאבה שאצל הכנסיה. ערב אחד, משמילאתי את הדלי, החילותי להסתובב עמו בעיגול במהירות מסחררת ומתלהב לעובדה שאין המים נשפכים מתוכו. תוך כדי מעשה נשמט הדלי מידי ונשבר. לא חזרתי כמובן ל„חדר" אלא רצתי בנשימה אחת אל חנותו של חיים וולף, קרוב של אמי, שברחוב בית המדרש, פרצתי לתוכה, תפשתי דלי וברחתי. משהתחילו לרדוף אחרי, צעקתי: „אמי תשלם!"

שעה ארוכה ישבנו ודיברנו בר׳ מאירל ועל הלהט שלו בלימוד הגמרא, ועל זלזולו בעניינים גשמיים, עד שלא הבחין בצורת מטבע. מה שמחה הרבנית בשמעה, כי תלמידו הוגה לו חיבה, הערצה וכבוד!

קויל שמורה בזכרוני כעיירה יהודית טיפוסית על ה„אלטער מארק"

וה„נייער מארק" שלה. יהודים מכל המינים ומכל הגוונים שברחוב. חסידים ומתנגדים וגם ציונים ולהם — מקום תפילה בשם „חברת ציון" ומשה קוט היה בה ראש המדברים. לשם הייתי הולך עם דודי מיכאל להתפלל בכל שבת בבוקר.

ביום שבת אחרי הצהריים היינו הולכים אל החורשה שמעבר לגשר, בכיוון קנין (קונין) בהנהגת איציק גולדמן ופאלעק וולקוביץ', חברי אגודת „התחיה", כ„צעירי ציון".

אני זוכר איך העתקתי עלונים בדיו כחולה והם הופצו בבית המדרש, בחנויות וברחוב. שוב לא למדתי אצל ר' מאירל אלא בבית המדרש, לימוד עצמי, והמשכתי לאכול „ימים". פתאום קיבלתי מכתב מאבי ז"ל שאחי חולה ואבוא לבקרו. הלכתי לבאביאק. שמחה גדולה שמחו בי בבית ואבא לא הרשה לי לחזור.

לימים נודע לי שהרבי ר' מאירל, בראותו את פעילותי הציונית, כביכול, והכיר בעלונים (פרוקלמציות, בלע"ז) את כתב ידי, מיהר להודיע לאבי שיצאתי לתרבות רעה, ושהתחברתי לחברה לא טובה. הרבי, כמו אבי שלמה־שמעון, ורבים רבים דומים להם, חשבו שאסור לדחוק את הקץ וכי: „חינם נמכרתם ולא בכסף תגאלו" וראו בכל מעשה ציוני כפירה בדת רחמנא לצלן.

לא מעטים שילמו בחייהם בעד אמונה תמימה וטהורה זו.

**העניך הירשביין**

# מלמדים און חדרים

די מלמדים אין קאָלאָ, דער ערשטער ברונעם פון וואַנען אונדזער דור האָט געטרונקען און געשעפּט תורה און וויסן, לאָמיר זיי נישט פאַרגעסן! זיי האָבן פאַר דעם רוב פון דער יוגנט געעפנט דעם פענצטער צו יידיש וויסן און אַ טייל פון זיי האָבן איינגעפלאַנצט זייערע גוטע מידות אין די הערצער פון די תלמידים.

איינפאַך און אָרים איז געווען דער „חדר" — דאָס איז נישט די שולד פון די מלמדים. קאַרג איז געווען זייער חיונה און דער קליינער שכר־לימוד איז נישט אַריינגעטראָגן געוואָרן צו דער צייט. נישט וואָרים איז געווען די אַטמאָספערע אַרום זיי און די איינציקע שמחה אין זייער לעבן, איז געווען די הנאה אין לערנען, זיי האָבן געלערנט צוזאַמען מיט די „חדר"־יינגלעך.

מיר קאָנען היינט נישט קיין פאַריבל האָבן אויף זייערע שיטות — אַזוי האָבן דאַן געוואָלט די עלטערן. זיי זיינען געווען קעגן יעדן חידוש, מורא געהאַט פאַר יעדן ווינטל, אפשר וועלן זיי אָפּרייסן די קינדער פון תורה און פון שטאַם.

די מלמדים און זייערע „חדרים", זיינען געווען איינגעטיילט אין שטופן. דער איבערגאַנג פון איין מלמד צום צווייטן, ווי דאָס איבערגיין אין אַ העכערן קלאַס. די ערשטע קלאַס, דער אַנהויב ממש, זיינען געווען די דרדקי־מלמדים.

די צונעמענישן אין דער ווייטערדיקער רשימה זיינען נישט חס־וחלילה, צו פאַרמינערן דעם כבוד פון געוויסע מלמדים, נאָר סימנים זיך צו דערמאָנען אין זיי. דער צונאָמען איז פיל מאָל געווען פּאָפּולערער ווי דער נאָמען.

### „עברי מלמדים" (דרדקי)

יידקע — געלערנט מיט יינגלעך און מיידלעך עברי, ד. ה.: לייענען אין „סידור". פיל מיידלעך האָבן ביי אים אויך געלערנט שרייבן אַ יידיש בריוול.

ר' שמואל איציק רויטבארד (וואטעריע מלמד) — אלף־בית און לייענען.

משה רויטבארד (אין זעלבן הויז, ביים טייך) — אלף־בית און לייענען.

אנשל פאדאמסקי (אנשל ביק) — אלף בית, לייענען אין „סידור" און אַנהויב פון „חומש".

ר' פייוויש בער (פייוויע הויקער) — לייענען אין „סידור" און אַנהויב פון „חומש".

### חומש־רש"י־מלמדים

ר' אברהם יהודה רויטבארד; ר' ישראל גאלדמאן (וואַרשעווער מלמד);

העניך (דער שטומער העניך); אפרים (אפרים זומערשוואנץ); יעקב זלמן מאלאדעק (געלערנט זינגענדיק).

## חומש־רש"י און גמרא

ר' הירש־לייב; כתריאל שאלאדאווסקי (זיין ספעציאַליטעט — תנ"ך און דקדוק); ר' יוסף־עקיבא הירשביין — זיין ספעציאַליטעט: משנה און גמרא; ר' טוביה ווילפרעד; שמעון וואלף ערכער; דאברער מלמד (דער געלער קאשטאן); עוזר צארנדארף — „חדר מתוקן"; גאלדבערג — „חדר מתוקן", געלערנט עברית בעברית; שיקע.

## גמרא און פוסקים

ר' מאיר זאלצמאן (זע די רשימה פון יהושוע מנוח); ר' ישראל ווייס; אפרים שלומפער; ר' יעקב אהרן ענגעל־סופר; ר' נטע הימל הכהן.

די לעצטע האָבן זיך קונה־שם געווען אַלס למדנים; צוגעגרייט תלמידים צו בר־מצווה, זיי אויסגעלערנט „פשטלעך", דרשות און זיך פאַרטיפט אין שיעור.

אַ טייל פון זיי האָבן אויך געלערנט מיט די בעלי־בתים אין אָוונט, אָדער שבת־נאָכמיטאָג.



בית־הספר „עץ חיים" — „עץ־חיים"־שולע



**בית־ספר עברי עם המורה גליקסמן — העברעישע שולע מיטן לערער גליקסמאַן**
זיצן (אונטן): — — —, **וואָלקאָוויטש, — — —, זילבערבערג, פאָדכלעבניק, לעווין.** זיצן (מיטלסטע שורה): **קעניג, סאָל מאַכאראָווסקי, דער לערער גליקסמן, — — —, דימאַנט.**
שטייען: **שולץ, קעניג, רייכערט, — — —.**




**ביקור של תלמידי הגימנסיה העברית בוויליצ׳קה בשנת 1928**
**באַזוך פון די שילער פון דער העברעישער גימנאַזיע אין וויעליטשקע, אין 1928**

ה. הירשביין

# אַמאַטאָרן און טעאַטער

פורים־שפּילן: „אחשורוש״, „מכירת יוסף״ און ענלעכע ספּעקטאַקלען זיינען במשך פון פיל יאָרן אויסגעפירט געוואָרן ביי אונדז אין שטאָט דורך ישיבה־בחורים און בעלי־בתים. די הכנסה איז געגאַנגען לטובת פאַרשידענע צדקה־חברות.

דער אָנהויב פון דראַמקרייז און אַמאַטאָרן־פאָרשטעלונגען איז פאַרבונדן מיטן נאָמען פון חיים־בער באביאצקי. דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרן פון 20־טן יאָרהונדערט, באביאצקי האָט אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון טעאַטער־ליבהאָבער און געשאַפן אַן אַמאַטאָרן־קרייז, וועלכער האָט געשטעלט הויפּט־זעכלעך היסטאָרישע אָפּערעטן, ווי „בר־כוכבא״, „דוד אין דער וויסטע״, „חורבן ירושלים״ א. אַ.

יעדע אויפפירונג איז אין יענער צייט געווען אַ יום־טוב אין שטעטל. קיינער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון שטיצן און העלפן מיט וואָס ער קען. דער רעקוויזיט איז געבראַכט געוואָרן פון אַלע עקן שטאָט. אַ פלושענע קאָלדערע האָט געדינט פאַר אַ קייזערלעכע טאָגע, אַ פאָטעל באַדעקט מיט גאָלד־פּאַפּיר — אַ טראָן. פאַרשטייט זיך, אַז די צושטעלער פון די חפצים האָבן געהאַט אַ פרייען אַריינטריט צו דער פאָרשטעלונג.

דער צווייטער עטאַפּ פון די דראַמקרייזן האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער פאַרמעסטונג פון צוויי דראַמקרייזן. איינעם האָט מען גערופן „אַריסטאָקראַטן״ און דעם צווייטן — „דעמאָקראַטן״. ביי דעם ערשטן זיינען געווען די הויפּטשפּילער: לעווקאָווסקי, רעסלער, העלא כהן און רעזשיסאָר — לייב ברזשוסטאָווסקי; די הויפּט־כוחות פון דעם צווייטן: יעקב זייד (מיט דער פּאה), מיכאל־שמשון ברוקשטיין, מלכה לעווקאָוויטש און שמואל־לייב פירשט. רעזשיסאָר — דוד־איציק לעווקאָוויטש.

ביידע דראַמקרייזן האָבן, ווי עס טרעפט ביי גרויסע טעאַטערן אין שטאָט, געגרייט די טראַגעדיע „מעדעא״, ביידע — די זעלבע פּיעסע. די באַפעלקערונג האָט זיך דאַן צעטיילט אין צוויי מחנות: איינע איז געווען מיטן ערשטן דראַמ־קרייז און די צווייטע — מיטן צווייטן. מען האָט זיך ממש געקריגט: ווער וועט דאָס טעאַטערשטיק בעסער אויפפירן? דער סוף איז געווען, אַז ביי ביידע פאָרשטעלונגען איז דער טעאַטער־זאַל געווען געפּאַקט, די אויספירונג — גלענצענד. ווי פלעגט מען זאָגן: קאָלער ידן האָבן ליב טעאַטער און חזנות — אין קאָלאָ זינגען די שטיינער פון ברוק...

ער איז ווערט, דער רעזשיסאָר דוד איציק לעווקאָוויטש (יוקיף מאטיס), מעג זאָל אים אַרויסהויבן און דערציילן זיינע שבחים:

דוד־איציק איז געווען אַ פשוטער מענטש. זיין הויפט־פרנסה איז געווען דאָס אַרומפאָרן אויף ירידים מיט טאַנדייט־קאָנפעקציע. טראָץ די שווערע פרנסה האָט ער נישט אַדורכגעלאָזט די רעפּיטיציעס: זומער אין די היצן, אין די הארבס־טיקע רעגנס, אין די ווינטערדיקע פרעסט, פלעגט ער דערשיינען פונקטלעך און צווישן די ערשטע. מיד פון יריד, פאַרזאָרגט פון דאגות: ווו נעמט מען צו באַצאָלן דעם אויסגעשטעלטן וועקסל? — גאָרנישט האָט אים געקענט אָפּהאַלטן.

בשעת דער רעפּיטיציע, איז ער געווען איין שטיק אויער און אויג: ער האָרכט זיך צו מיט אַלע חושים צום אַרויסגעזאָגטן זאָץ פון אַמאַטאָר, קוקט זיך צו צו יעדער באַוועגונג און בעסערט אויס, גיט אָנווייזונגען. מיט התלהבות און פשטות טוט ער זיין רעזשי־אַרבעט.

דעם זעלבן דוד־איציק טרעפט מען שבת־נאָכמיטאָג אין בית־מדרש, ווו ער הערט זיך איין צו יעדן וואָרט פון ר׳ חיים־יוסף נאסאק, אָדער ר׳ בעריש שאלא־דאָווסקי און אַנדערע, וועלכע לערנען מיט די פשוטע יידן „אגדה״ און „חיי אדם״.

איינמאָל בין איך געווען אָנוועזנד אויף אַ גענעראַל־רעפּיטיציע, ערב דער אויספירונג פון „מעדעא״. זיין יינגע טאָכטער מלכה, זאָגט אַ שטיקל „פּראָזע״ און באַטאָנט נישט אַ זאָץ ווי געהעריק, עס דוכט זיך, אַז זי האָט נישט געזאָגט אים מיט געהעריקן דרך־ארץ. דוד־איציק שפּרינגט צו צו איר און לאָזט איר אַראָפּ אַ פּליאַסק פון גרויס אויפרעגונג. אַזוי האָט ער זיך איבערגענומען מיטן טעאַטער.

פיל שווונג האָבן געגעבן די דראַמקרייזן פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן, וועלכע האָבן אַ צייט אָנגעפירט מיט זיי. דער גלענצענדער אַרטיסט פון דער „ווילנער טרופּע, יעקב ווייסליץ, האָט אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט אין קאָלאָ, צוגעצויגן צו זיין דראַמקרייז די בעסטע קרעפטן און זיי געשולט. זיין ערשטע אויפפירונג איז געווען „דער דאָרפס יונג״. אין דער פאָרשטעלונג האָבן זיך באַטייליקט: יהודה און שרה בארקאָווסקי, פראנקאָווסקי, מיכאל שמשון ברוקשטיין, ניטשינסקי, הענעך הירשביין, די שוועסטערן רייכענשטיין, סאכאטשעווסקי, ראוף און אַנדערע. דער רושם איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. די דאָזיקע פּיעסע איז געשטעלט געוואָרן 10 מאָל און אויך געגעבן געוואָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך. ווייסליץ האָט אַנטוויקלט ביי די אַמאַטאָרן ליבשאַפט צו קונסט און בעסערן טעאַטער.

אויך דער אַרטיסט אייזיקאָוויטש פון אַמעריקע, וועלכער איז געקומען אויף אַ באַזוך צו זיינע קרובים, איז געבליבן אַ לענגערע צייט אין קאָלאָ און אונטער זיין לייטונג איז אויסגעפירט געוואָרן: „אטעלא״, „שיילאק״, „די שוואַרצע האַנט״ און אַנדערע. דעם גרעסטן דערפאָלג האָט געהאַט די „שוואַרצע האַנט״, זי איז געשטעלט געוואָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך: דאמביע, סאמפּאלנע, איזשביצע, קלאָדאווע א. אַ.

סטאַבילע דראַמקרייזן האָבן זיך איינגעשטעלט ביי די „פועלי ציון" (לינקע) און „בונד". דער ערשטער איז געווען דער אַמיינסטן שטייגענדער און פולסיווער און דאָס אַ דאַנק דער אונטערנעמונגס־גייסט פון לייטער יהודה באַרקאָווסקי. אַ קורצע צייט נאָך דער פּרעמיערע אין וואַרשעווער יידישן טעאַטער איז די פּיעסע אויסגעפירט געוואָרן ביי אונדז. אין דעם הינזיכט האָט זיך קיינער נישט געקאָנט פאַרגלייכן מיט אים. צווישן די פּיעסעס וואָס האָבן געצויגן אַן עולם מיט זייער פרישקייט: „דער דיבוק", „קידוש השם", „דער דוכּיס", „זיבן געהאָנגענע", „אומשולדיק — שולדיק" א. אַ. דער דראַמקרייז ביים „בונד", אונטער דער לייטונג פון ה. הירשביין האָט געשפּילט: „צוויי הונדערט טויזנט", „די רויבער", „אוריאל אקאסטא" (פאַר דער פאָרשטעלונג האָט געהאַלטן אַ קורצן רעפעראַט מ. ה.) און אויך היסטאָרישע אָפּערעטן.

פון צייט צו צייט האָבן דראַמקרייזן זיך פאַראייניקט און מיט געמיינזאַמע כּוחות אַדורכגעפירט אַ יום־טוב־אַקציע. פון די בשותּפותדיקע אויספירונגען: „שבתאי צבי", „דער גיבור אין קייטן" און אַנדערע.

עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו מצד יחידים צו שאַפן אַ פּריוואַטן דראַמ־קרייז, וואָס האָט געהאַט נאָר ריין פינאַנסיעלע צוועקן. די איניציאַטאָרן פון דעם „געשעפט" זיינען געווען: ד. א. לעווקאָוויטש, יעקב זייד, שוועסטרן רייכענשטיין און שמואל לייב פירשט. היות זיי האָבן נישט געהאַט קיין פּעריפּעריע הינטער זיך, האָט דער דראַמקרייז נישט מאריך־ימים געווען. זיי האָבן געשטעלט היסטאָרישע אָפּערעטקעס און יעקב גארדינס דראַמעס. דער עולם, וואָס האָט פאַרזוכט דעם טעם פון בעסערן טעאַטער, האָט נישט אַרויסגעוויזן צום נייעם דראַמקרייז קיין אינטערעס.

פון די „בלאָנדזשענדע שטערן", האַלב־אַמאַטאָרן און האַלב־פּראָפעסיאָנאַ־ליסטן, דאַרף דערמאָנט ווערן דאָס פּאָרל קרוק. זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַ לענגערע צייט אין שטאָט און דער אָנהויב, איז געווען מיט פיל גלאַנץ. זיי האָבן געשטעלט לייכטע זאַכן, וואָס ציען אַ פּובליקום, ווי: „ציפּקע פייער", „כאַנטשע אין אַמעריקע" און האַרצרייסנדע מעלאָדראַמעס. די טעאַטער באַזוכער האָבן געזוכט עפּעס אַנדערש, נישט געקאָנט פאַרדייען דעם רעפּערטואַר. דער סוף פון דער טרופּע — זיי האָבן געשפּילט ביי האַלב־ליידיקע זאַלן.

קיין קאָלאָ זיינען געקומען אויף גאַסטראָלן די בעסטע טעאַטער־טרופּעס פון לאַנד — יידישע און פוילישע. די שטאָט האָט געשמט מיט איר ליבשאַפט צו טעאַטער. אַן אַפּיש וועגן אויפטריטן פון א. מאַרעווסקי, זיגמונט טורקאָוו, יאַנאַס טורקאָוו, אידאַ קאַמינסקאַ, האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס. אין טאָג פון דער פאָרשטעלונג איז שוין אוממעגלעך געווען צו קויפן בילעטן. ווייל זיי זיינען פריער אויספאַרקויפט געוואָרן. דאָס זעלבע מיט רעציטאַציע־אָוונטן פון רחל האלצער און אַנדערע סטאַרן.

די יוגנט האָט ליב געהאַט טעאַטער — אויף צוזאַמענקונפטן איז דאָס געווען דער אַקס פון די שמועסן. מען פלעגט נאָכדערציילן און איבערזינגען פאַרשידענע טעאַטער־סצענעס. אַ מייסטער דערויף איז געווען נטע נוימאַן (נטע׳כע שפיוואַק). ער האָט פריי געלאָזט זיין שטימעלע אין מיטן גאַס, זיינען מענטשן זיך צוזאַמענגעלאָפן אויף וווּנדער, ס׳איז שוואַרץ געוואָרן — מען איז געווען ממש אַנטציקט פון זיין זינגען.

ווען „עמך — שער און אייזן" איז שבת נאָכמיטאָג זיך צוזאַמענגעקומען ביי אַ פעסל ביר, האָבן זיי זיך מחיה געווען מיט נאָכזינגען חזנישע שטיקלעך: „המלך", „קדושה", „תכנת שבת" און כדומה. די הויפט־ספּעציאַליסטן זיינען געווען: מענדל שטערן (מענדל סינעס), חיים כמיעלניק (חיים טשארניעס), גבריאל מארקאוויטש (קאקאשקע), שמואל מאדאלינסקי (שמואל שד) און אַנדערע.

נישטאָ מער די האַרציקע יידן פון אַ גאַנצן יאָר, די פשוטע פאָלקס מענטשן. זיי זיינען אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופן דורך די נאַציס.

שטאט=טעאטער, קאלא.

שבת, דעם 7 יולי 1928 אנהויב פונקט 8=30

ווערט געשפילט מיטן אנטייל פון די באוווסטע ארטיסטן אויס ווארשא

פר׳ קופערמאן ה׳ פוקסמאן

ה׳ שיטארסקי פר׳ שטערן

ה׳ פערעלמאן און אנדערע

די באליבטע אפערעטע

# שיר השירים

אין 4 אקטן מיט 20 נומערן געזאנג

די הויפט ראלן פירן אויס:

פרוי קופערמאן, פרוי שטערן

און ה׳ פוקסמאן



רעזשיסער: ה׳ שיטארסקי

סופלאר: ה׳ הירשבייז

אין פראבע „די קאוקאזער ליבע״

בילעטן צו בעקומען ביי דער קאסע.

מידעה על הצגת־תיאטרון בשנת 1928

אַ טעאַטער־פּלאַקאַט פונם יאָר 1928




כרוזים לבחירות של המפלגות היהודיות

וואַל־פּלאַקאַטן פון די יידישע פּאַרטייען

סאל מאריסאן

# אין געראַנגל פאַרן קיום

נאָך פאַרן חורבן פון יידישן יישוב אין פוילן, איז די פוילישע באַפעלקערונג געווען אָנגעשטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז דערשינען אין אַלערליי געשטאַלטן. די פאַליאַקן אין אונדזער שטאָט, זיינען נישט געווען קיין אויסנאָם אין דער הינזיכט.

אויך אין די גוטע צייטן פון גענעדיקן קעניג זיגמונט דעם ערשטן האָבן אונדזערע אבות־אבותינו, קאָלער איינוואוינער, נישט געלעקט קיין האָניק. די בלבולים אויף יידן אין גרויספוילן האָבן נישט אויסגעמיטן קאָלאָ. דאָקומענטן פון יאָר 1531 דערציילן אונדז, אַז דער קעניג זיגמונט האָט איינגעהאַלטן די העצערישע קאַמפּאַניעס דורך אַ פאַראָרדנונג, וואָס האָט פאַרבאָטן צו באַשולדיקן יידן פון גרויספוילן אין ריטועלע מאָרדן *.

אין יאָר 1564 — לייענען מיר אין די דאָקומענטן — האָט דער קעניג זיגמונט אויגוסט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אין וועלכן ער דערלויבט די קאָלער יידן זיך צו פאַרנעמען מיט הורט און דעטייל־האַנדל, חוץ מיט האָניק. דער זעלבער קעניג האָט אַרויפגעלייגט אַ שטייער אויף די יידן, וואָס האָט אָנגעטראָפן אַ העלפט פונם אַלגעמיינעם שטייער. אָבער די יידן, וואָס האָבן דעם שטייער אַריינגעטראָגן, זיינען געווען גלייכבאַרעכטיקט מיט די נישט יידישע בירגער פון קאָלאָ. פאַרשטייט זיך, אַז די יידישע קהילה דאַן, איז געווען זייער אַ קליינע, נישט קיין העלפט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. דער דערמאָנטער שטייער איז געפאַלן ווי אַ שווערער לאַסט און איז געווען געצילט צו רואינירן די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

*

מיטן אויפקום פון פוילן אין יאָר 1918 האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט דאָס אַנטיסעמיטישע פייער. די פאַליאַקן האָבן נישט געקענט געפינען קיין בעסערע געלעגנהייט אָנצוהויבן די אָנפאַלן אויף יידן. די טרויעריק־באַרימטע „האַלער־טשיקעס" (אַ פוילישער מיליטערישער פולק מיטן גענעראַל האַלער בראש) האָט געווילדעוועט אויך אין קאָלער קרייז, געשניטן און געפליקט יידישע בערד און געשלאָגן מכות־רצח. די אַנטיסעמיטישע אויסברוכן אין לאַנד האָבן אָבער אָנגענומען אין אונדזער געגנט אַ לייכטערן פאָרם.

---

* Mathias Bersohn, Dyplomataryusz dotyczący Żydów w dawnej Polsce

צוויי יאָר זיינען אַדורך פאַרהעלטניסמעסיק רויק. עס זיינען געמאַכט געוואָרן באַמיונגען זיך צונויפצורעדן און ברענגען קעגנזייטיקע דערנענטערונג מיט דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, אָבער אָן שום רעזולטאַטן.

אין יאָר 1920 האָבן די אָרגאַניזירטע באָיקאָט־אַקציעס קעגן יידישן האַנדל אין קאָלאָ אָנגענומען אַ שאַרפערן כאַראַקטער. דאָס איז געווען אַ פועל־יוצא פון אַ העצערישן אַרויסטריט אין „יאזשווינסקי זאַל" פון דעם צורר היהודים כאמיעץ. די „ראַזוואָי" אָרגאַניזאַציע האָט זיך געלאָזט הערן. אויף די ווענט פון די הייזער, איז דערשינען די לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ פּאָ סוואָיע!" *. פּלאַקאַטן האָבן באַשמוצט די יידן און די העץ כוואַליע איז געוואָרן גרעסער פון טאָג־צו־טאָג.

אַ ענדערונג לטובה איז פאָרגעקומען אין יאָר 1925, ווען מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי האָט זיך געשטעלט בראש דער מאַכט. די ווענדונג אין דער באַציִונג צו יידן האָט זיך גלייך געלאָזט פילן אויך ביי אונדז. לײדער האָט דער גינסטיקער ווענדפּונקט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. נייע אָנגריפן אויף דער יידישער עקזיס־טענץ האָבן אָפּגעמעקט די מילדע חדשים. באַגרענעצונגען אויף פאַרשידענע געביטן האָבן געצילט צו טרעפן די יידן, זיי האָבן זיי באַגלייט ווי אַ שוואַרצער שאָטן אויף שריט און טריט. פאַרשטייט זיך, אַז זיי זיינען אינספּירירט געוואָרן דורך דער רעגירונג און פּלאַנמעסיק אויסגעפירט געוואָרן דורך די מוניציפּאַלע אָרגאַנען. אין דער ערשטער ריי האָט זיך גענומען צו דער „אַרבעט" דער „אוזשאָנד סקאַרבאָווי" (שטייער־אַמט), וועלכער האָט אָנגעשטעלט אַ פּאַטריאָטישע מינע, אַז ער שטרעבט צו העלפן דעם שנעלן מלוכה־אויפבוי. מען האָט גענומען מעלקן די „יידישע קו" אויף וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט. די שטייערן זיינען געווען אומגעהויער גרויסע.

דער לעבהאַפטער יידישער האַנדל, די ענערגישע און אַרבעטזאַמע יידישע האַנטווערקער, זיינען געווען אַ דאָרן אין אויג פון די אַנטיסעמיטן. מען האָט געזוכט עצות און מיטלען אונטערצושניידן דעם בוים אויף אַ לעגאַלן אופן. אין די ווייטערדיקע שורות וועלן מיר שילדערן דעם דאָזיקן פּראָצעס.

דריי מילן אין קאָלאָ האָבן געהערט צו יידן **. די קריסטלעכע גוטבאַזיצער פון דער געגנט האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן, אַז אין יידישע הענט געפינט זיך אַזאַ וויכטיקער פּראָדוציר־צווייג. זיי האָבן מיט בשותפותדיקע געלטמיטלען אויפגעשטעלט אַ נייע גרויסע מיל, נישט ווייט פון דעם באַן־וואָקזאַל. זיי האָבן געמיינט, אַז דערמיט האָבן זיי געשטירצט די הויפּט־פּאָזיציע און באַלד וועט זיך אָנהויבן דער גרויסער קריזיס. דער צושטאַנד פון די יידישע מילן האָט זיך נישט פיל געענדערט, די נייע מיל האָט באַשווערט זייער עקסיסטענץ, אָבער נישט

---

* אייגענע צו אייגענע נאָך אייגענע.

** רויכס מיל האָט געהערט צו זיינע איידעמס: ר' חיים נוימאַן, יעקב לעווין און אברהם ווארמברוין; גוטמאַנס מיל און בארנשטיינס (אין דאָרף פּאוויערטש).

דערפירט צו אַ פולשטענדיקן רואין, ווי זיי האָבן געפּלאַנט. קוים עטלעכע יאָר האָט די נייע מיל אָנגעהאַלטן און באַנקראָטירט. די בייזע פּלענער זיינען צעשטערט געוואָרן. דער סוף פון דער גרויסער אונטערנעמונג איז אינטערעסאַנט: די פּוילישע מיל איז אַריבער אין יידישע הענט. ביז צום אויסברוך פונם קריג האָט די דערמאָנטע מיל געהערט צו יידישע בעלי־בתים.

אַ קאַפּיטל פאַר זיך איז געווען דער קאַמף קעגן יידישער דערציונג.

די העברעישע גימנאַזיע אין שטאָט, וועלכע האָט געשטרעבט איינצופלאַנצן אין יינגן דור די נאַציאָנאַלע קולטור־ירושה, איז געווען ביי די אַנטיסעמיטן ווי אַ ביין אין האַלדז. וואָס האָבן זיי נישט געטאָן כדי צו פאַרמאַכן די שולע? נישט געקוקט אויף דעם, אַז די זאָרג אויסצוהאַלטן די דערמאָנטע אינסטיטוציע איז געפאַלן אויסשליסליך אויף די יידן, האָבן די יידן־פיינט נישט אויפגעהערט די פּראָוואָקאַציעס און מסירות. סוף־כל־סוף האָבן זיי זייערס אויסגעפירט: דער קוראַטאָריום אין לאָדזש האָט פאַראָרדנט צו פאַרמאַכן די העברעישע גימנאַזיע און אָנגעגעבן אַ מאָטיוו, אַז דער בנין האַלט, מכלומרשט, ביים איינפאַלן...

פאַרשטייט זיך, אַז די ליקווידאַציע איז געווען אַ קלאַפּ פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. עס איז באַשווערט געוואָרן דער וועג פון דער יידישער יוגנט צו באַקומען אַ הויכע יידישע און וועלטלעכע בילדונג.

דער בנין איז יאָרן־לאַנג געשטאַנען פעסט, אָנגעהאַלטן ביז צו די



תלמידי הגימנסיה העברית בקולו עם המורה ווינשטוק בשנת 1930

שילער פון דער העברעישער גימנאַזיע אין קאָלאָ מיטן לערער ווײַנשטאָק, אין יאָר 1930

באָמבאַרדירונגען אין יאָר 1939. אין אַ טייל פון דעם בנין, אין די געוועזענע שול־קלאַסן, האָט זיך אַריינגעקליבן די יידישע פאָלקס־באַנק.

די איינציקע מיטלשולע אין קאָלאָ, די גימנאַזיע „אַשוויאַטאַ״, אָדער די רעאַל־שולע, האָט געמאַכט שוועריקייטן ביים אָנעמען יידישע שילער. געווען צייטן ווען יידישע תלמידים, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט אין די לימודים, זיינען נישט צוגעלאָזט געוואָרן אין ערשטן לערן־יאָר צו די מאַטורע־עקזאַמענס. יידישע שילער זיינען גערודפט געוואָרן אויף פאַרשידענע אופנים, דאָס איז געמאַכט געוואָרן, כדי עס זאָל נישט אויפוואַקסן אַ יידישע אינטעליגענץ.

נאָכן שליסן די העברעישע גימנאַזיע איז געבליבן די העברעישע פאָלקס־שולע „יבנה״.

*

אין אַ העלן פרימאָרגן, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ גזירה, אַז דער בית־עלמין ווערט געשלאָסן, כאָטש נעם די מתים און פאַרברען זיי. ווי ביי יעדע גזירה איז אָנגעגעבן געוואָרן אַ מאָטיוו: ער געפינט זיך נאָענט פון באַוווינטן צענטער (אַ פּראַוואָסלאַוונער בית־הקברות האָט זיך געפונען אויך אין דער זעלבער פאַרשטאָט). מען האָט גענומען אָפּשרייען די גזירה און די אויסזיכטן אויף דערפאָלג זיינען שוואַכער געוואָרן פון טאָג־צו־טאָג. יעדעס מאָל, ווען עס איז פאַרגעקומען אַ לוויה, האָט מען געמוזט אַרויסנעמען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש — אין קעגנפאַל האָט דער קברן נישט געעפנט דעם טויער, וואָס איז געווען פאַרזיגלט דורך דער מאַכט.

אין דער זעלבער צייט האָט די פּאָליציי „נישט געקאָנט״ אַנטדעקן די באַנדע כוליגאַנעס, וועלכע האָט געבושעוועט ביינאַכט אויפן בית־עלמין, צעשטערט מצבות און געשענדעט קברים. דער יידישער בית־עלמין האָט אָנגעהאַלטן ביז צו דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, ווען דער רוב מנין און בנין פון דער יידישער קהילה האָט געפונען זייער טויט אין אומקום־לאַגערן.

### די יידישע פרנסות

קאָלאָ איז נישט געווען קיין אינדוסטריעלער צענטער, נישט געהערט צו געפּלאַנטע אַנטוויקלונגס ראַיאָנען אין פּוילן, און דאָך האָבן די יידן דאָ אויפגעשטעלט אַ ריי אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן געשאַפן סטאַבילע אַרבעטס פּלעצער. מיר ברענגען דאָ אַ רשימה פון פאַבריקן, וועלכע זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן דורך יידן:

1 פאַבריק פאַר אַגריקולטור מאַשינען; 2 עלעקטרישע מילן; 1 סאָדע־וואַסער און לעמאָניאַדע פאַבריק; 1 וואַטע פאַבריק; 2 אייל־פאַבריקן; 1 וואַקס־

פאַבריק; 1 ציגעלניע; 2 צוקערלעך פאַבריקן; 1 קליי פאַבריק; 1 ראַנצן פאַבריק; 1 טאַל פאַבריק (פאַפּיאַרניע), געהערט צו ר׳ חיים פאָגל.

צו די קליינע אונטערנעמונגען: עטלעכע שטריקעריי פאַבריקלעך; 2 דרו־קערייען; 1 זאָקן־פאַבריקל. דער יסוד פון דער עקאָנאָמישער באַזע פון די קאָלער יידן איז געווען האַנדל און מלאכה, זיי האָבן אַ גרויסן חלק אין אַנטוויקלען די שטאָט.

דער האַנדל מיט פּרוכט, זייף, גאַלאַנטעריע און קליידער־שטאָפן איז געלעגן הויפּטזעכלעך אין יידישע הענט. רעגירונגס פאַקטאָרן האָבן געהאָלפן די נישט־יידן זיך עטאַבליזירן, כדי אַריינצודרינגען אין די שוין־עקסיסטירנדע האַנדלס אונטערנעמונגען. אַנשטאָט צו גרינדן נייע אונטערנעמונגען האָבן זיי זיך פאַרלייגט אויף צושטערן די עקסיסטירנדע. דער הורט און דעטאַל־האַנדל האָט אָנגעהויבן פילן די פּוילישע קאָנקורענץ, ווי אויך די באָיקאָט־העצע. אויף די מערק האָבן זיך באַוויזן די פּוילישע קליינהענדלער און מיט כשרע און נישט כשרע מיטלען אַרויסגעשטופּט די יידן פון זייערע פּאָזיציעס.

די יידישע געשעפטן און מאַגאַזינען זיינען מיינסטנס געווען קאָנצענטרירט אין צוויי הויפּט־פּלעצער: אין אַלטן און אינם נייעם מאַרק. יעדן דינסטיק און פרייטיק איז אָנגעגאַנגען אַ לעבהאַפטער האַנדל מיט די פּויערן פון די נאָענטע דערפער. חוץ די דאָזיקע האַנדלס־טעג זיינען דאָ פאָרגעקומען ירידן, וועלכע האָבן אין שטאָט אַריינגעבראַכט אַ לעבהאַפטן האַנדל.

צווישן די אַרויסשטויסונגס־פּלענער, וואָס זיינען געווען געצילט קעגן יידן, איז געווען דער פּלאַן צו רעפאָרמירן דעם אויסזען פון שטאָט. די פּוילישע ראַטמענער האָבן געבראַכט אַ פאָרשלאַג, אַז די „מערק" (די פּלעצער פאַר האַנדל מיט דער דאָרפישער באַפעלקערונג) זאָלן זיין אויף דער וואַרשעווער פאָרשטאָט. זייערע כוונות זיינען געווען קלאָר: דאָרטן וועלן די נישט־יידן אויפשטעלן נייע געשעפטן און איבערייסן דעם קאָנטאַקט פון די פּויערן מיט די יידישע קרעמער. פאַרשטייט זיך, אַז אויף די שטאָט־ראַט זיצונגען האָבן זיי אָנגעגעבן „עסטעטישע" אַרגומענטן. דער גורל־באַשטימענדיקער פאָרשלאַג איז שטאַרק באַקעמפט געוואָרן דורך די יידישע פאָרשטייער, ווייל ער האָט אָנגערירט די הויפּט־צווייג פון די יידישע פּרנסות. די פּוילישע ראַטמענער האָבן אָבער זייערע פּלאַן אויסגעפירט: עס איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז די פּויערישע וועגעלעך מוזן זיך אָפּשטעלן אויף אַ ספּעציעלן פּלאַץ אויף דער וואַרשעווער פאָרשטאָט. דאָרטן וועט אויך פאָרקומען דער בהמה־האַנדל, וואָס איז פריער געווען אויף קאָוואַלסקי־פּלאַץ. הקיצור — די האַנדלס פּלעצער זיינען פון איצט אָן געווען מחוץ דעם יידישן תחום.

אַ בליק אויף דער וויטערדיקער רשימה ווייזט באַשיינפּערלעך, ווי פאַר־

וואָרצלט זיינען געווען די קאַליער יידן אין אַלע האַנדלס צווייגן. מיר ברענגען דאָ נאָר די צאָל פון גרעסערע אונטערנעמונגען:

42 — קאָלאָניאַל געשעפטן; 20 — גאַלאַנטעריע און שיך; 12 — באַקליידונגס שטאָפן; 6 — פאָרצעליין און גלאָז; 5 — קוילן און קאַלך; 3 — אַלט־אייזן און סמאַטעס; 8 — לעדער און שוסטער צוגאָבן; 3 — זייגערמאַכער און ביזשוטעריע; 4 — אייזן און פאַרבן; 4 — געבעקס; 2 — בוכהאַנדלונגען; 2 — עלעקטרישע מאַטעריאַלן; 1 — ראַדיאָ אַפּאַראַטן; 3 — זייף; 3 — האָלץ־מאַגאַזינען; 1 — געווער און אַמוניציע; 2 — וווּרשט געשעפטן; 4 — קאָנדיטאָרייען; 1 — בראָנפן; 1 — סיגאַרעטן מאָנאָפּאָל; 1 — זאַלץ מאָנאָפּאָל; 3 — פוטער לעדער; 2 — גאַזאָלין סטאַנציעס.

אין דער רשימה גייען נישט אַריין די צענטליקער מאַרק־פּאָרער, קצבים, פאַרמיטלער, הענדלער מיט עופות און אייער, ווי אויך אייגנטימער פון האָטעלן.

## גייסטיקע פּראָפעסיעס און האַנטווערקער

בראש פון דער פּראָפעסיאָנעלער גרופּע:

3 מעדיצין־דאָקטוירים; 1 צאָן־דאָקטאָר; 2 דענטיסטן־טעכניקער; 1 אַדוואָקאַט; 1 אינזשיניער; 1 אַקושערין; 2 פעלדשער; 30 לערער, מלמדים, 10 באַאַמטע אין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס; 1 פאָטאָגראַפיסט; 6 פריזיער אַנשטאַלטן.

שניידעריי און שוסטעריי האָבן פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט צווישן די יידישע פאַכן. דערביי האָט מען געאַרבעט נישט נאָר פאַרן היימישן מאַרק, נאָר אויך פאַר עקספּאָרט. די סחורות פון אונדזער שטאָט זיינען געגאַנגען קיין פּאָמערן און קיין פּויזן.ליידער האָבן מיר נישט קיין גענויע ציפערן פון די באַשעפטיקטע אין די דערמאָנטע פאַכן *.

הונדערט פאַמיליעס, לכל הפחות, האָבן געצויגן חיונה פון פאָלגענדע פאַכן: שוסטעריי, רימעריי, גאַרבעריי, היטלמאַכעריי, סטאָלעריי, שטיבן־מאָלעריי, בלעכעריי, מעכאַניקעריי, שטריקמאַכעריי, פריזעריי, טאָפּעריי, טראַנספּאָרט־אַרבעט (טרעגעריי), בעלי־עגלות א. אַ.

אַ וויכטיקע ראָלע ביים אויפהאַלטן די זיך־ראַנגלענדיקע יידישע עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען, האָט געשפּילט די ליי־אינסטיטוציע. צוויי יידישע בענק — „ספּולדזשעלניע באַנק” און „פאָלקסבאַנק” ווי אויך די „גמילות חסדים־קאַסע”, זיי האָבן געהאָלפן אונטערהאַלטן די זיך וואַקלענדיקע סוחרים און האַנטווערקער. אויך די קליינהענדלער און האַנטווערקער האָבן געשאַפן קאַסעס, וועלכע האָבן נישט איינמאָל דורך זייערע הלוואות געשטעלט די מענטשן אויף די פיס.

* זע די רשימה פון בנימין שטערן: „די באַקלייד־קאָנפעקציע”, שניידעריי און שוסטעריי.




קופת „גמילות חסדים״ גמילות־חסדים קאַסע

לויט דער אָפיציעלער רעגירונגס ציילונג, „ספיס לודנאָשטשי״, האָבן אין יאָר 1933 געלעבט אין קאָלער קרייז 119.370 נפשות, דערפון — 9,783 יידן. די רשימה גיט אויך אָן דעם צוזאַמענשטעל: 5.039 יידישע פרויען; 4,744 יידישע מענער. דער רוב האָט אָנגעגעבן יידיש אַלס מוטערשפּראַך, 300 בערך האָבן אָנגעגעבן העברעיש.*

## אַ בייזער חלום פון די קאָלער המנס.

די טרויעריקע פּאָגראָמען אין פּשיטיק און זאגוראוו האָבן אויפגערייצט די היימישע אַנטיסעמיטן און אויך זיי האָבן צוגעגרייט אַ „ספּעקטאַקל״. דאָס מאָל האָבן זיי געמאַכט אַ גרונטלעכע אַרבעט — אויפגערייצט די אָרעמע פּויערן, זיי אָרגאַניזירט און גערופן צו רויב און מאָרד. עס איז באַשטימט געוואָרן דער טערמין — אַ מאַרק־טאָג. מען האָט אויסגעקליבן אַ טאָג, וואָס זאָל נישט אַרויסרופן קיין פאַרדאַכט, אַ טאָג, ווען די דאָרפסלייט קומען אין שטאָט אַריין. די יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך דערוווּסט וועגן געפּלאַנטן פּאָגראָם און נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. עס איז גלייך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ זעלבסטשוץ. דער דאַמאָלסדיקער פּאָליציי־קאָמיסאַר קוויאַטקאָווסקי האָט אַרויס־געוויזן פאַרשטענדעניש און אויך געזוכט מיטלען דעם ווילדן חלום צושטערן. ער האָט פאַרזיכערט די פאָרשטייער פון דער קהילה, אַז כל זמן ער וועט זיין אויף

* Polski urząd statystyczny

זיין אַמט, ווען טעראָר־אַקטן נישט פאָרקומען. ערב דעם פּאָגראָם, האָט ער אַדורכגעפירט גרויסע אַרעסטן צווישן די ענדעקישע פירער מיט רוטקאָווסקין בראש. פּאָליציי־פאַרשטאַרקונגען זיינען אָנגעקומען פון אַרומיקע שטעט אין באַשטימטן טאָג און פאַרנומען פּאָזיציעס אין אַלע שטאָט־קוואַרטאַלן. ביי די וואַרשעווער און קאַלישער בריקן זיינען רעווידירט געוואָרן די אָנקומענדיקע פּויערן. אַ גרויסער טייל פון זיי איז אין יענעם טאָג געקומען מיט אַ שטעקן און לערן זאַק, געווען גרייט צו ראַבירן און שלאָגן יידן.

די דאָזיקע פאַרשוינען זיינען גלייך אָפּגעשיקט געוואָרן צו זייערע דערפער און באַגלייט האָט זיי אַ וואָרענונג... פאַרשטייט זיך, אַז נאָך די אויסנאַם־מיטלען, איז דער טאָג אַדורך רואיק. מען האָט געלעבט אין שרעק און קלעמעניש, אָבער קיין פּאָגראָם איז נישט פאָרגעקומען.

דער דורכפאַל פון די אַנטיסעמיטן האָט זיי נישט צוזאַמענגעבראָכן. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָבן זיי גערופן קיין קאַלאַ אַ צוזאַמענפאָר פון די ענדעקעס. אין אַ זונטיק האָבן מאַרשירט אין די גאַסן טויזנטער אויפגעהעצטע מענער און פרויען, געוואָרפן יידן־פיינטלעכע לאָזונגען און געטראָגן העץ־טראַנספּאַראַנטן. די יידישע איינוווינער האָבן זיך דערווייטערט פון די מסוכנדיקע גאַסן. אין יענעם טאָג איז אָנגעקומען צו דער בריק יוסף רויך. ענדעקישע כוליגאַנעס האָבן אים געוואָלט אַריינוואַרפן אין טייך וואַרטע. אויף זיינע הילפסרופן איז אָנגעקומען פּאָליציי און אים אָפּגעראַטעוועט.

די רעזולטאַטן פון צוזאַמענפאָר האָט מען געזען אין אַ קורצער צייט אַרום. סוחרים * פון דער שטאָט פּויזן האָבן געעפנט אין קאַלאַ געשעפטן און בכוח געצויגן די נישט יידישע קונים. די נייע „פּוילישע” קרעמער האָבן אָרגאַניזירט ביי דער גרויסער קירך אַן אויסשטעלונג פון „ריינע פּוילישע פּראָדוקטן”. יידן האָט מען צו דער אויסשטעלונג נישט צוגעלאָזט.

דאָס איז נאָכנישט געווען גענוג פאַר זיי. די פּויזנער אַנטיסעמיטישע וואָכנצייטונג „פּאַד פּרענגיעזש” האָט אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלע קאָלער אויסגאַבע. אויף דער ערשטער זייט פון שמוץ־בלעטל איז געווען אַ בילד פונם שטאָט־ראַט, וועלכער איז אַרומגערינגלט פון יידישע קאַרליקעס. אַ צווייטע פּוילישע צייטונג וואָס איז דערשינען אין פּויזן, האָט געשיקט קיין קאַלאַ אַ שטענדיקן קאָרעספּאָנדענט, וועלכער זאָל באַשרייבן די העץ־קאַמפּאַניע.

דעם 1־טן אַפּריל 1938, איז קאַלאַ אָנגעשלאָסן געוואָרן צו דער פּויזנער וואָיעוואָדסטווע **. די נייע „פּאַטראָנען” האָבן נישט געקאַרט קיין צרות. גזירות

* עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען געווען דייטשע אַגענטן. ווען די נאַציס זיינען אַריין קיין קאַלאַ האָבן זיי געפונען פאַרבינדעטע, זיי האָבן מקבל געווען די מאַרשירנדע סאָלדאַטן און געטראָגן נאַצישע אוניפאָרמען.

** פריער האָט זי געהערט צו דער לאָדזשער.

אויף גזירות האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף יידן. איינע פון זיי: אויף די שילדן מוזן די יידישע קרעמער אויפשרייבן דעם פולן יידישן נאָמען, כדי יעדער גוי זאָל וויסן צו וועמען ער גייט קויפן. אַ צווייטע גזירה: איינוואַרפן די קליינע יידישע הייזער אין דער אקולנא גאַס, ווו עס האָט געוווינט די יידישע אָרימקייט. דער אַרגומענט איז געווען: „זיי זיינען נישט עסטעטיש!.. זיי האַלטן ביים איינפאַלן...״ א בוי־קאָמיסיע פון מאַגיסטראַט האָט באַזוכט די מכלומרשט באַדראָטע גאַס און באַפוילן די איינוווינער צו פאַרלאָזן די דירות. פאַרשטייט זיך, אַז מיט נייע דירות האָט מען זיי נישט באַזאָרגט. איידער די געטראָפענע האָבן באַוויזן צו געפינען אַ דאַך איבערן קאָפּ האָט מען זיי אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס. עס איז געקומען אַ גרופּע פוילישע אַרבעטער באַגלייט דורך פּאָליציי און אָנגעהויבן איינוואַרפן די הייזער, צעשטערט בנין נאָך בנין. אָט אַזוי האָט מען אויפן אומגליק פון דער יידישער אָרימקייט פאַרשענערט די שטאָט!

די יידישע ראַטמענער אין שטאָט־ראַט מיטן לאַווניק לייב לוקסענבורג פון די „פּועלי־ציון״ (רעכטע) האָבן געפירט אַ ביטערן קאַמף פאַר די יידישע רעכט און געהאַט אויכצושטיין געברענטע צרות פון די ענדעקעס און „אזאנאוועס״. זיי האָבן נאָך נישט פאַרדייעט איין גזירה און אַ צווייטע רוקט זיך אָן: יידישע שחיטה, — באַגרענעצן די צאָל בהמות, וואָס זאָלן געשחטן ווערן אויף כשר. דער ציל פון אַלע גזירות: אַרויסרייסן די יידישע פּרנסות.

זינט קאָלאָ איז געוואָרן אָנגעשלאָסן אין דער פּויזנער וואָיעוואָדסטווע איז באַשרענקט געוואָרן די עפנטלעכע קולטור־טעטיקייט פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס. עס איז שווער געווען צו באַקומען דערלויבענישן אויף איינאָרדנען עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, רעפעראַטן, פאָרשטעלונגען א. אַ. די יידישע טעאַטער טרופּן וועלכע זיינען געווען ביז איצטער אָפטע געסט, האָבן אין צוזאַמענהאַנג מיט די נייע שיקאנעס באַגרענעצט זייערע אויפטריטן.

אין יאָר 1936 האָט דער פאַרביסענער אַנטיסעמיט קוביאַק אַרויס־געלאָזט זיין קאָלאָ אַ בראָשור א. נ. „ווו רוינאַך קאָלסקיעגאָ זאַמקו״ *. אין דעם העפט ברענגט ער אַ פאַנטאַסטישן חלום פון אַ קאָלער קאַטאָליק מיטן נאָמען סאַווא. סאַווא האָט זיך געוואָלט איבערצייגן, צי עס איז פאַראַן אַ קערן אמת אין דער לעגענדע, אַז יעדן טאָג צוועלף ביינאַכט גייט אַרויס אַ ריטער פונם קאָלער שלאָס און שפּאַנט פּאַזע די ברעגעס פונם וואַרטע־טייך.

סאַווא שפּאַנט איבער די גאַסן און קלעמט זיך איבער דער אָרימקייט פון די נישט־יידן און קריצט מיט די ציינער זעענדיק דאָס יידישע רייכטום.

אויף זייט 3 לייענען מיר: ...„סאַווא דערזעט פּלוצים נישט איין פּוילישן ריטער נאָר אַ סך, אַ גאַנצע מחנה... און מיטאַמאָל — אַ גרויסער געהאַק און

* אין די רוינען פון קאָלער שלאָס.

גערויש. עס פליען די שילדן פון די יידישע געשעפטן און די יידן לויפן אַרויס פון פוילן. פוילן און קאָלאָ זיינען יידן־ריין״...

דער חלום־געשפענסט פון קאָלער המן־הרשע — מיט דער דאָזיקער „ליטעראַטור״ האָט מען געפּאַשעט די באַפעלקערונג, זיי צוגעגרייט צו די טעג פון דער גרויסער יידישער קאַטאַסטראָפע.

אין יאָר 1939, אין אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך געפונען אין קאָלאָ 6000 יידן בערך. זייער הויפּט באַשעפטיקונג איז געווען האַנדל און מלאכה. די באַדינגונגען זיינען נישט געווען קיין אידעאַלע. טראָץ דעם שווערן דרוק האָבן זיי זיך געקלאַמערט צו זייערע דערוואָרבענע פּאָזיציעס, האַנדל און מלאכה זיינען געווען דער רוקנביין, אָבער אויך מיט ערד־אַרבעט האָבן זיך פאַרנומען אַ צוויי צענטליק פון זיי.

---

# קול קורא

צו דער יידישער באַפעלקערונג אין קאָלאָ

ליבע ברידער!

עס איז גוט באַקאַנט יעדן ייד די שווערע צייט, דער גרויסער קריזיס און די ביטערע לאַגע פון די אומבאַמיטלטע בעלי־בתים אין אונדזער שטאָט. עס ראַנגלען זיך מענטשן מיט די לעצטע כוחות אום ביים כבוד צו בלייבן. עס זיינען פאַראַן בכבודיקע הייזער, אין וועלכע עס איז קיין ברויט נישט דאָ, און זיי שעמען זיך צו אַנטדעקן דאָס פאַר פרעמדע, הייזער פון סוחרים און האַנטווערקער, וועלכע האָבן ביז לעצטנס מפרנס געווען בכבוד זייערע פאַמיליעס, צוליבן פעלן פון געלט־מיטלען גייען זיי אַראָפּ פונם פלאַץ.

אַזעלכע מענטשן, ווען מען זאָל זיי באָרגן 100 זלאָטעס, וואָלט מען זיי ביים לעבן און ביים כבוד דערהאַלטן.

אַזוי האָבן מיר אויף זיך גענומען די הייליקע מיסיע צו ברענגען די גמילת־חסדים קאַסע צום לעבן און צו קאָנען קומען צו הילף די נויטבאַדערפטיקע ברידער.

עס איז נישט פאַראַן קיין שטאָט אין דער וועלט, וווּ עס זאָל נישט עקסיסטירן אַ גמילת־חסדים קאַסע. אונדזער שטאָט אַליין איז אַן אויסנאַם אויף דעם געביט. עס איז אַ הייליקער חוב אויף יעדן ייד, וואָס האָט גאָט אין האַרצן צו נעמען אָנטייל אין דער מצווה און אַריינטראָגן אין דער גמילת־חסדים קאַסע אַ געוויסע סומע, לויט דעם, ווי דער קאָמיטעט וועט אים אָפּשאַצן און נישט זיך אַנטקעגנשטעלן, אין קעגנפאַל וועלן מיר דעם פערזאָן מפרסם זיין אין דער עפנטלעכקייט.

מיר האָפן, אַז יעדער ייד, וואָס האָט אַ יידיש געוויסן און אַ יידיש האַרץ, וועט גוטוויליג זיך באַשטייערן און בזכות די מצווה וועלן מיר זוכה זיין צו אַ ישועה שלמה במהרה, אמן.

די קאָמיטעט־מיטגלידער:

| | | |
|---|---|---|
| הרב משה־פרץ קליין | אהרן ריטשקע | משה זעלמאַנאָוויטש |
| משה־לייב לעווין | שמואל אלי טכורזש | יוסף נאשעלסקי |
| יעקב דוד קאהן | בערל וואלטער | יוסף־משה פאָגעל |
| נתן־מרדכי ביעזשינסקי | יוסף שוואַרץ. | וואָלף קאהן |
| יעקב לייזער שטאַכעלבערג | יוסף ראָזען | נח בראַדזיאַק |
| דוד פיערניקאַזש | הירש פרענקעל | |

Odezwa do ludności Żydowskiej w Kole,
o popieraniu T-wa Dobroczynnego p. n. „Gemilas Chasodim"
Pospieszna Drukarnia I. Szwarcmana w Kole.

---

דער אויפרוף איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1928.

בנימין שטערן

# די באַקלייד־מלאכה

קאַלאַ איז געווען פאַרן חורבן אייראָפּע אַ שטאָט פון יידישע האַרעפּאַש־ניקעס. צו די פּראָדוקציע צווייגן וועלכע זיינען געווען אויסשליסלעך אין יידישע הענט, האָט געהערט אויך די באַקלייד־פּראָדוקציע.

אינטערעסאַנט צו געדענקען, אַז אין קאַלאַ האָבן געצויגן פּרנסה פונם דאָזיקן פּראָדוקציע־צווייג ביי הונדערט פאַמיליעס, אַרבעטסגעבער און געזעלן. אַרבעט איז געווען אַ פול יאָר, סיי ווינטער און סיי זומער. געהאַרועט האָט מען 16 שעה אין מעת־לעת, אָבער די לוינען — שוואַכע.

מאַגאַזינען פון באַקלייד־קאָנפעקציע זיינען געווען אין שטאָט בערך 10—12, אָבער די פּראָדוקציע איז פאַרקויפט געוואָרן איבערהויפּט אויף ירידן. די קליינטעלע איז געווען דער פּויער, וועלכער האָט געזוכט אַ ביליקן מלבוש פאַר זיך און פאַר זיינע בני־בית.

דעם ערשטן אָרט, דוכט זיך, האָט פאַרנומען דער הויכער קאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „דער כהן גדול". ער מיט זיינע בנים האָבן געהאַט אַ גרויס געשעפט אין ברוך זשולאַווסקיס הויז, אין ראַג פון דער שול־גאַס. דער צווייטער איז געווען גנאַטשיק און דער דריטער — זאַלקינד. זיי זיינען געווען די קאַרפּן־קעפּ פון דער בראַנזשע אין די יאָרן 1930—1935.

די גרויסע מאַגאַזינערן האָבן אַרויסגעגעבן די אַרבעט צו כאַלופּניקעס. אין חודש יולי, אין די סאַמע הייסע טעג פון זומער, האָבן די מאַשינעס שוין געזשומעט און מען האָט גענייט ווינטער־פּאַלטאָס, וואַטאָווע קורטקעס און פּעלצלעך. די גרויסע אונטערנעמער האָבן זיך דאַן אומגעקערט פון ביאַליסטאָק און געבראַכט די גרויסע באַלן וואָל־שטאָפן; פוטער־פעלן און אַנדערע צודאַטן האָט מען געבראַכט פון גרויסן יריד, וואָס איז פאַרגעקומען אין לוויוויטש; וואַטע האָט צוגעשטעלט פּשעדעצקיס פאַבריק.

די אַרבעט איז געגאַנגען אויף דער גאַנצער פּאַרע. נישט געווען קיין צייט רואיק אָפּעסן און זיך אויסשלאָפן. די כאַלופּניקעס און זייערע געזעלן האָבן פון זיך די כוחות אַרויסגעיאָגט: נאָך אַ קורטקע, נאָך אַן אַנצוג און מיט יעדער שטיק פאַרטיקע סחורה, איז דער לוין געוואַקסן — די קינדער וועלן עסן צו דער זאַט און עס וועט זיין אויך צו באַצאָלן „רבי־געלט". עס איז קיין וווּנדער נישט, וואָס פון פּרי, ביז שפּעט אין דער נאַכט זיינען די מאַשינעס געווען אין גאַנג.

נישט לייכטער פון אויפנייען די קליידער איז געווען דאָס פאַרקויפן זיי. אַ קליינער טאַנדייטער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אייגענעם קאַפּיטאַל און גענומען אַלץ אויף קרעדיט, האָט געמוזט, נאָכן אויפנייען אַ פינף טוץ קורטקעס אָדער אַנצוגער, זיך אַרויסלאָזן אין וועג. ער האָט צוזאַמען מיט עטלעכע פאַך־קאָלעגן געדונגען אַ בויד און געפאָרן פון יריד צו יריד, פאַרשוואַרצט געוואָרן אַ פּולע וואָך און צום סוף סעזאָן, מאַכנדיק דעם סך־הכל, געזען, אַז פון דעם גאַנצן טומל און גערודער, איז גאָרנישט געבליבן. די נסיעות האָבן איינגעשלונגען דעם גרעסטן טייל פון רווח.

נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז די וועקסלען, וואָס זיי האָבן געגעבן די לאָדזשער סוחרים, זיינען פּראָטעסטירט געוואָרן, און ווען דער לאָדזשער הירטאָוווניק איז געקומען מיט אַ „ויצעקו", האָבן זיך אַריינגעמישט מענטשן, און מען האָט דעם ענין אויסגעגליכן: געווישט און געשמירט און ווייטער געפאָרן...

די באַקלייד־קאָנפעקציע האָט אויך פאַרזוכט דעם טעם פון סטרייקן. די געזעלן האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן און פירן סטרייקן. עס פלעגט טרעפן, אַז דער זון פון אַן אַרבעטסגעבער האָט אָנגעפירט מיטן סטרייק, ווי עס האָט געטראָפן ביי זאַלקינדן: גדליה איז געווען דער ביין אין פּאַטערס האַלדז... דערפאַר האָט ער זוכה געווען צו פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט ביי די „פּועלי־ציון" (לינקע). ער איז תמיד געווען אויף דער זייט פון די עקספּלואַטירטע.

צוויי טיפּן פון די טאַנדייטערס זיינען געווען זייער פּאָפּולער: דער ערשטער איז געווען גבריאל מאַרקאָוויטש דער קאַסירער פון דער „באַקלייד־קאָנפעקציע־באַנק". למען האמת: דאָס איז נישט געווען קיין באַנק מיט באַנקן צו גלייך — נישט קיין לאָקאַל, נישט קיין סטעמפּל און נישט קיין בוכהאַלטער. די טאַנדייטערס האָבן צוזאַמענגעלייגט עטלעכע הונדערט זלאָטעס (צו קיין טויזנט נישט דער־גאַנגען) און אַרויסגעגעבן הלוואות די נויטבאַדערפטיקע, וועלכע האָבן געדאַרפט האָבן אויף אַרויסצופאַרטיקן אַ טראַנספּאָרט. די געבאָרגטע סומע האָט מען אויסגעצאָלט אין ווידער גענומען אַ ניי הלוואה׳לע. אַזוי האָט מען געשלעפּט דעם עול פון פּרנסה. דערצויגן קינדער און זיי חתונה געמאַכט און נישט אַרויסגעלאָזט די לייצעס פון די הענט.

איך געדענק ווי היינט אַ זיצונג פון דער „באַנק". אין סאַמע ברען פון די וויכוחים, צי מען זאָל באַשטעטיקן אַ הלוואה פון 30 זלאָטעס, אָדער אָפּוואַרפן די בקשה, האָט גבריאל „קאַקאשקע" אַ געשריי געטאָן מעשה דיקטאַטאָר: „אויב איר וועט מיך נישט הארכן, וואַרף איך דעם מאַנדזשעט!" — דאָס הייסט — ער גיט זיך אָן אין דימיסיע. דאַן איז קעגן אים אַרויסגעטראָטן זיין שוואָגער מיט אַן ענטפער און האָט פאַרשפּריצט מיט זיין רעדן אַלע אַנוועזנדע (דערפאַר האָט מען אים גערופן גבריאל שפּריצער, געהאַט אַ טבע צו שפּריצן מיט שפּייעכץ בשעתן רעדן). דאָס, וואָס ער האָט נישט אויפגעטאָן מיט די זאַכלעכע אַרגומענטן, האָט

געהאָלפן זיין „שפריץ", ער האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה, אַז אָט־אָט קומט אַ פאַרפלייצונג.

דינסטיק און פרייטיק, אין די מאַרק־טעג, זיינען די טאַנדייטערס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין קלייטן, אַרויסגעגאַנגען אין מאַרק און אויפגעשטעלט לייווענט'ענעביידלעך, אָדער סטראַגאַנעס. די פויערן מיט די בני־בית זיינען געגאַנגען פון בויד צו בויד און געזוכט אַ פּאַסיקן מלבוש.

דאָס פאַרקויפן אַ קורטקע אָדער אַ פאָר הויזן האָט געפאָדערט אַ סך קונסט. נישט לייכט האָט דער פויער אַרויסגעגעבן די פאָר גראָשן. מען האָט געמוזט האָבן צו אים הללס געדולד און שמשונס כוח. נאָכדעם ווי דער פויער האָט אָנגעמאָסטן און איז שוין פאַרטיק געוואָרן מיטן פרייז, האָט ער געטענהט חרטה. די כוונה איז געווען אַראָפּצורייסן פון פרייז. ער איז דאַן אַוועק צו אַ צווייטן און מעשה מבין קאָנטראָלירט די צודאַטן, די סאָרט שטאָף, און געווען ביי זיך משה־גרויס. נאָר די געניטע פאַרקויפער האָבן נישט אַרויסגעלאָזט קיין קונד, אים ממש היפּנאָטיזירט, אים אָנגעמאָסטן אַ מלבוש און באַקומען די „ממתקים", אָדער אויף שניידער־לשון — „די חכמה".

אויך די וואָס האָבן געמאַכט „גליקן", האָט ביי זיי געפעלט גאַנץ אָפט אַ טאָג אין דער וואָך. איז אָבער געקומען שבת — איז געווען שבת. מען איז זיך צונויפגעקומען און געדאַווענט בציבור און געפילט זיך דאָ ווי אין אייגענעם קעניגרייך. דאָ האָט מען דיקטירט די פאַרטייען, וואָס זיי זאָלן טאָן, אַרויפגעזעצט און אַראָפּגעזעצט מלכים, געפירט די פּאָליטיק פון דער וועלט. נאָכן נאָכמיטאָג שלאָף האָט מען געלערנט די פרשה פון דער וואָך און דער רבי איז געווען דער מנקר נאסאק, אַ ייד אַ תלמיד־חכם.

פאַרשטייט זיך, אַז דער יינגערער דור האָט אַנדערש פאַרבראַכט דעם שבת: ווער ביי אַ פעסל ביר, און ווער — אין די געזעלשאַפטלעכע לאָקאַלן.

לאָמיר דערמאָנען, לכל הפחות, אַ דריי מנינים פון דער דאָזיקער בראַנזשע: חיים כמיעלניק, אהרן ראטבארד, אברהם יעקב זאלקינד, שמחה זאלקינד, מיכל פוקס, שמואל קרייער, משה קרייער, נטע ניימאן, סיני שטערן, עוזיאל זילבער (פונטשיוק), אברהם בייראך, ישראל מארקאוויטש. משה לענטשיצקי, שמואל לענטשיצקי, יצחק כהן, אברהם גנאטשיק, גבריאל מארקאוויטש, חיה, שלמה, ישעיה און משה יארמיש, שמואל גאצמאן (פראזשוכא); דאַמען־מאַנטלען האָבן געניייט: יצחק צארנדאָרף, אברהם שלמה לופע און דוד סטריקאוואסקי.

קיין הימנען האָבן זיי נישט געהאַט .פאַר זיי וואָלט געפּאַסט דאָס פאָלקסליד: „וואָס מיר זיינען זיינען מיר, אָבער יידן זיינען מיר" מיט אַ קליינער ענדערונג: „וואָס מיר זיינען זיינען מיר, אָבער האָרעפּאַשניקעס זיינען מיר". ערלעכע יידישע אַרבעטער, „עמך — שער און אייזן", וויפיל חיות האָט איר אַריינגעבראַכט אין יידישן קאָלאָ!

מ. האלטר

# חלוצים באו העירה *

## א. לכיבוש

צפצופה של הרכבת המתקרבת פילח את שלוות הערב. מרחוק נשמעה נשיפתו הכבדה של הקטר: חו—שה! חו—שה! על הפסים נשפך סילון אור מבהיק, כגרגרי חול.

בהילוך כבד ומתון קרבה הרכבת אל התחנה. לקול הצפצוף הממושך התעוררה התחנה הקטנה והבודדה ומנורות־החשמל שבחזיתה העלו אורן בבת־אחת. חלונות רדומים נפקחו והביטו משתאים אל שלשלת הקרונות הארוכה.

מאחד הקרונות ירדו שני נוסעים. השוטר שהתהלך לפני תחנת־הרכבת הישהה מבט תוהה על פני הזרים: מי הם הללו, ומה עסקים יש להם כאן? מכף רגל ועד ראש בחן את הבחור בעל הקומה הבינונית: עינו האחת בלשה את מעיל־העור הקצר, את מכנסיו הרחבים וגרבי־הספורט, ועינו השנייה הציצה אל מתחת לכובע: „ז׳יד״ — ודומה כל כך ל„שגץ״ מן הכפר. הפנים גסים, הלחיים נפולות והעינים עירניות. מלמטה־למעלה העביר מבטו על בת־לוויתו של הבחור. כל תלבושתה — מעילה העליון הכחול־כהה, הבלוי, הברט המורד על העיניים והנעלים הגדולות והגסות — משום־מה לא מצאה חן בעיניו. אמר לגשת אליהם ולעכבם, אך בטחון־צעדיהם של הבאים הניא אותו ממעשה.

מרחוק נראתה העיירה, עטופה בשלג הצחור של החורף שהקדים לבוא. הגגות חבושים צניפים לבנים, כסבתות זקנות, ומתוך החלונות מנצנצים אורות זעירים. הבחור כפף קומתו, התקין את שרוכי נעליו, הגביה מעט את התרמיל שעל־גבו, כמי שמתכונן לצאת לדרך רחוקה. אותה שעה היתה בת־לוויתו מרעידה מקור ומהרהרת על המרחק שבין התחנה לבין העיירה.

— רואה אַת, חנה — אמר הבחור — אנו באים אל עיירה כגון זו שלנו, שממנה ברחנו.

עגלון לבוש פרוות־איכרים פשוטה, מעורטלת, עמד סמוך לתחנת־הרכבת וחיכה ל„אתחלתא טובה״. משראה את הבאים הזמין אותם בקולו הצרוד:

— יאזדה, בעד חמישים פרוטות העירה!

שני הזרים לא נענו להזמנתו ויצאו לעשות דרכם ברגל.

רוח דחפה אותם מאחור, עד שהגיעו לכביש המשתלשל במעלה־ההר. מכובד

---

* קטעים מן הספר „מיר גרייטן זיך״, שהופיע בוורשה בשנת 1937, ובו קורות קיבוץ ההכשרה בקולו בשנת 1930—1931. הספר הופיע בארץ, בעברית, בהוצאת „עם עובד״.

הצרורות שנשאו התחממו מעט והכתונת התחילה נדבקת אל הגב. כל אותם דברים שהיו שומעים על נדודים במרחקים, על חברים שטולטלו בדרכים — התחילו מרגישים עכשיו על עצמם ובשרם. וכך היו פוסעים ומהלכים עד שהפסיקה חנה את השתיקה ואת חריקת צעדיהם החדגונית בתוך השלג:

— מנדל, במה נתחיל?

ידע מנדל במה התחילו „כיבושניקים" אחרים. קודם כל ביקשו לעצמם איזו התעסקות שהיא. אך מה תשובה יכול הוא להשיב לה עכשיו? לכשיגיעו למקום יראו מה יש לעשות.

— יודע אני? אפשר בחטיבת עצים.

קיבלה חנה תשובה זו בשמחה ואמרה בקול שהיה בו מן הגאווה:

— יודע אתה, בקיבוץ „שחריה" עובדות הבחורות במנסרה, ליד מסור־הסיבוב, כאחד הבחורים.

לפני עיניה עברה כבמחזה המנסרה של „שחריה": בין ערימות של קרשים מתהלכות בחורות לבושות מכנסי־עבודה, ואינן נבדלות בלבושן מן הבחורים אלא במטפחת שעל ראשן בלבד.

יודעת חנה, שבימים הראשונים אולי יהיה הכרח להתחיל ב„שירות", והיה ברצונה לומר למנדל בגלוי שאין דעתה נוחה מזה. היתה רוצה לעבוד בגן־ירקות כמו בגרוכוב או בצ'נסטוכוב. שותלים צמח ומגדלים אותו עד שהוא נותן פרי. אתה רואה את השתיל בצמיחתו ובגידולו, ודבר זה עצמו כבר יש בו משום תגמול. חשקה נפשך באספרגוס — הרי אספרגוס. כרוב — הרי כרוב, בצל, גזר — הכל! אבל ידוע ידעה שיהיה הכרח להתחיל במשהו אחר.

— במטבח של הקיבוץ הייתי עובדת ברצון! — אמרה לאחר הרהורים.

דבריה אלה, הקול הבוטח, הרצון לעמוד בנסיון — עודדו את מנדל. חנה רצינית היא, יאה לעבודת כיבוש.

השקט מסביב והחריקת השלג תחת הרגליים עוררו למחשבה. הלובן הזך שהיה פרוש מסביב החיש את מירוץ הרעיונות במוחו. כדי להנעים את ההליכה התחיל מנדל מביע את מחשבותיו בקול:

— שמעתי שבעיירה יש מפלגה* חזקה, יש סניף**.

חנה הביטה בו בתמיהה. תמהה היא שהיא מביא בחשבון גם את ההסתדרויות. בקיבוץ „בורוכוב", שהיו שם פרק־זמן קצר, נתפרסם מנדל כבן־חייל, בחור שאינו נזקק לעזרתם של אחרים. עכשיו רמזה לו על כך דרך עדינות:

— מי שכוחו במותנו אל יסתמך על חותנו.

עגלון שני, שחזר לביתו ומרכבתו ריקה, חסם בפניהם את הדרך. עמד לרוחב הכביש והזמינם לעלות:

---

* סתם מפלגה בפי החלוצים — מפלגת פועלי־ציון—צ"ס.

** סניף — סניף הסתדרות „החלוץ".

— הי, הי, בעד עשרים פרוטות!

חנה ומנדל לא נענו. הם הוסיפו ללכת ברגל. אמנם, בליבה היתה חנה מצטערת שלא הסכימו להצעתו של העגלון, כי קצות אצבעותיה כבר התחילו קופאות. מוכנה היתה לוותר על אכילה ובלבד שלא תסבול מן הקור, הדוקר כמחטים דקות. אבל מנדל הרהר אותה שעה בעניין אחר. אם עגלון מבקש רק עשרים פרוטות בשכר הובלתם של שני נוסעים אל העיר, ודאי גדולה כאן העניות — והיכן יסדר כאן פלוגת הכשרה? ובאמת, במה יתחיל? הוא נשך את שפתו התחתונה, כדרכו תמיד בשעה שהוא עוסק בסוגייה חמורה.

הכביש התחיל פתאום נוטה מטה ולסוף נמתח בקו ישר. הם הגיעו לשביל שנדוש בעקבותיהם של הולכי־רגל.

בקילומטר האחרון היה הרוח מנשב כנגדם, טפח על פניהם בלי הרף ודחפם לאחור. מנדל וחנה הפכו גבם אל הרוח והתחילו פוסעים אחורנית. אך להתקדם הרבה בהליכה זו לא יכלו. חזרו והפכו פניהם אל הרוח והלכו כפופים ומכווצים.

הפנסים בצדי הדרך נתרבו. מתוך השלג בצבצו ועלו בקתות כפריות נמוכות, ובאשנביהן הקטנים הבהבו אורות זעירים. על הבתים ומסביבם נח השלג בשלווה, ומעל לשלג הצחור היתה פרושה דומיית־לילה.

והנה התחילו משחירים ריבועי־מגרשים, מוקפים גדרות דהויות, ואחר־כך צצו בתי העיירה עגומים, שאור צהוב מהבהב בחלונותיהם, ארובות עשן של בתי חרושת שלא העלו עשן, וחורי חלונותיהם המרובעים והגדולים שחורים ומטילים אימה. העיירה היתה מונחת לפניהם זרה ומתנכרת, מכונסת בתוך עצמה.

### חוטבי־עצים

את העבודה הראשונה „תפסו" הקיבוצניקים אצל יואל האופה: חטיבת עצים. לא בנקל הצליחו להשיגה. עשרת־מונים התחרט יואל במשאו ומתנו עם מנדל. בן־האופה, חלוץ, עמד לצידו של מנדל והוא גם שהשיג כלי־עבודה.

עם שחר השכימו חנה ומנדל ויצאו לעבודתם. מנדל צעד קוממיות כשגרזנו תחוב לו בחגורתו, ועל־ידו הלכה חנה. היא נשאה עמה מזון וכד תה — ארוחת יומם.

חצרו של יואל האופה, מגרש רחב־ידיים, רשות הרבים היתה. לכל היתה בה דריסת רגל. אמנם, היתה גדורה מפנים ומאחור: מצד אחד התנשא קיר־לבנים, מצד שני — בית עצים, וגם לארכה נמשכה גדר, ואף־על־פי־כן רבתה שם התנועה. באר־המים והמשאבה אשר בחצר כינסו את שכני הרחוב, שבאו בוקר וערב בדלייהם ובכדיהם. גם שלושת הערמונים הגדלים בתוך החצר, שארית הפליטה של גן, משכו בערבי־הקיץ המחניקים אל צילם. יואל האופה לא העז להטיח בהם אפילו מילה קשה אחת. אופה צריך שיהיה נוח לבריות, כי מיחסו הטוב לבני־אדם תלויה גם פרנסתו.

כחוטבי־עצים מנוסים ניגשו הקיבוצניקים לעבודה. מנדל הסתכל בערימות הכפתים, בחנם מכל צד, ורוח העבודה צלחה עליו. פשט את מעילו, תלאו על הגדר, והתקין לו סדן מכופת כרסתן. חנה סידרה את הכתפים לפי עביים וארכם.

החזיק מנדל בקת־הגרזן והתחיל מבקע בנחת, מניף את הגרזן ומורידו, מניף ומוריד — עד שמצא את הקצב הנכון. הגרזן התחיל רוקד תחת ידו: מעלה—מטה, מעלה—מטה, והעושף אף פעם לא יכזב: ננעץ במקום שסימנה העין ועם כל נעיצה נבקע הכופת לחצאין.

יהודי בעל זקן קלוש, שישב מתפילת השחרית וטליתו תחת בית־שחיו, עמד לראות במעשה החוטבים. הרים גזיר־עץ, וכדרך סוחר־תבואה מיששו בידו. רצה לעמוד על טיבו, כאילו היה גרגר־חיטה. שאל את עצמו: מה בין גזיר־עץ שיצא מידי יהודי לבין זה שנחטב בידי גוי? בשום אופן לא יכול להבין מה ראה יהודי צעיר שכמותו לעסוק בעבודה גסה שאין עמה יגיעת־מוח.

אשה זקנה, בעלת גרגרת מדובללת ולסתות רועדות, יצאה מבית־המאפה ונכנסה לחצר. ראתה את החוטבים והנידה ראשה:

— ילדי נגידים, אוי לשנותי, חוטבי עצים. עתים יפות הגיעונו!...

שכנה, שזה עכשיו יצאה מדיר־העצים, שאלה אצל אחד העומדים:

— מי היא זאת, בת היענה, העוזרת לפרחח הלזה? — והצביעה על חנה שהיתה מטילה את בקעות העצים אל המרתף.

— הרי היא אחת מן ה„חבריא", א „חלוצ'טה!" — השיב לה סוחר התבואה שהתבונן בנעשה.

מרחוק השקיפה בעד החלון אנטונובה, אשת השוער. רצתה לצאת ולראות מקרוב במחזה, שעין לא ראתה עוד: יהודים חוטבי־עצים. התעטפה בסודרה, יצאה ונצטרפה אל הסקרנים והיטתה אוזן לשיחתם. לא עצרה בלשונה והוסיפה נופך משלה, חציו פולנית וחציו יידיש:

— „קפסקיה צ'אַסי, ברויט פאַרדינען!" *.

מספר המתכנסים והמשתאים הלך ורב. משנפטר אחד באו שניים תחתיו. אף האברכים הטרזנים, מבטלני העיירה, הדורים בעניבותיהם הצבעוניות, באו והסתכלו בחוטבים בעיניים תמהות.

מנדל, פניו אדומים ומזיעים, הרגיש שמסתכלים במעשה ידיו — ומרצו נתגבר בו. לא את העצים בלבד הוא מבקע, אלא הורס ומנתץ את החייץ המבדיל בין החלוצים לבין אנשי העיירה. עבודה זו תכריע בהקמת הקיבוץ!

בין המסתכלים היה גם גדליה ביש־גדא, אברך ארוך שעינו הימנית פוזלת. עוסק הוא במכירה קמעונית של דגים מלוחים ויודע טעמו של רעב. כוחו גדול בעצות שהוא מזכה בהן את הרבים. משך הצידה את בן־האופה ושאל אותו בלחש:

* ימים רעים, להשתכר לכיכר־לחם!

— הצוענים הללו, האם מעבר הנהר באו?

הלה הרגיש בעקיצה והשיבו:

— לא באו, חס ושלום, להתחרות בפרנסתך הדוויה!

גדליה נשתתק לרגע, העמיד פנים תמימות והצטדק:

— לא נתכוונתי לגנאי. אפשר שהיו מיטיבים לעשות, אילו היו משליכים את עצמם המימה לפני שהתחילו בעסק זה...

גזירי העצים לא נערמו לערימות, כי חנה הטילתם מיד אל המרתף. כשנעלמה מן העין מחצית מן הכפתים, תקע מנדל את גרזנו בסדן — אות להפסקת הצהריים.

החוטבים הפשילו את מעיליהם על גבם, הסירו את האבק מעל מפתן־אבן וישבו לסעוד. בשיניים נוקשות ובתיאבון רב היו לועסים את הלחם היבש ואת הנקניק. אכילתו של מנדל היתה איטית: בצע בציעה מן הלחם וגמע גמיעה מן התה הצונן שבספל הפח. חנה אכלה אכילה גסה ופניה שבעו נחת: מחצית העבודה עשה הוא ומחציתה — היא. אמנם, קשה עליה עבודה זו, אך לאט־לאט תתרגל!

העומדים מסביב נעצו עיניהם בפי האוכלים. כגויים גמורים הם, לעבודה ולאכילה — אוכלים בכל פה. נמצאה יהודיה רחמנית שרצתה לזכותם בכוס חמים, אבל השאר הסבירו לה, כי החלוצים יסרבו לקבל מתנת־חינם. ויהודי אחד אף התלוצץ:

— כנראה, מן המהדרים הם. אין הם רוצים לאכול משחיטת רבנו!

בגמר הסעודה שפשפו מנדל וחנה את ידיהם בפיתי־שלג ושבו לעבודתם. כשמן למדורה היתה הסעודה למרצם. העושף מבקע בדיוק במקום שאליו קולע מנדל והכפתים מתמעטים והולכים.

יואל האופה, שזה עתה קם משנתו לאחר עבודת לילו, בא לראות במעשה החוטבים. בהילוך מרושל נתקרב אל החוטבים, סקר בעיניו המקומחות את הבקעות ודעתו נחה: אין לך בקעת יפה להסקה מזו! נתקל באברהם קולסקי ואמר לו בנעימה של מנצח:

— נו, מי העסיק ראשונה את ה„פאלעסטינצעס"?

אברהם שתק. כליותיו יסרוהו על שדחה את הכובשים, קשי העורף, ולא הושיט להם את ידו לעזרה. בלבו החליט לתקן את המעוות: ישתדל להכניס עשרה קיבוצאים לטחנה, למנסרה. חברי הסניף צדו בשבילם דגי־רקק והוא יתן להם שיבוטות... עוד יהיו נזקקים לו.

סקרנים ויושבי־קרנות לא פסקו לבוא אל החצר, בזה אחר זה. הסתכלו זמן־מה והלכו להם, מלאי תמהון והתפעלות. אחר תפסו לו לאברהם קולסקי והפליגו בשבחו של מנדל:

— שמעתי אומרים שהוא סטודנט!

— אדם בעל לשון, חוצב להבות־אש!

— והיא, הבתולה, אשת־חייל, כלי מפואר!

— בעזרת השם ימצאו כאן פרנסתם. הרי כגויים גמורים יעבדו!

בחצר הופיע גם העסקן הציוני, האדון ברייטמן, אדם בעל צורה ובעל־כרס. דרש בשלום אברהם קולסקי, וביקש לשוחח עמו שיחה דחופה וגם עם הקיבוצאים. חיכה קצת, עד שיתפזר הקהל ותמעטנה האזניים.

— מה תאמר להללו? — תהה אברהם על קנקנו.

— מילא, אם יהודים רוצים לחטוב עצים, תבוא עליהם ברכה — השיב לו — אבל, לדעתי, הכשרה לארץ־ישראל אינה אלא עבודת־אדמה ממש, ככתוב: „איש תחת גפנו ותחת תאנתו" — נטיעה ועידור וניכוש...

לפנות ערב נעלמו הכפתים האחרונים שנשתיירו ליד הסדן. את הקיסמים שעל הארץ לא אספו. אשת השוער ליקטה אותם בשביל תנורה.

היום העריב. הערמונים שעל־יד הבאר התחילו להרעיף נטפי אפילה. חנה ומנדל יצאו מן החצר. רבים נלוו אליהם בצאתם, התגאו בהם. גם אברהם תלה בהם עכשיו תקוות רבות וניבא להם עתידות טובות. כשם שהצליחו בחטיבת העצים, כך יצליחו בכל!

מנדל כבר ערך במוחו שני מכתבים, אחד למרכז „החלוץ" והשני למזכירות של קיבוץ „בורוכוב" ותכנם אחד: „שילחו חברים נוספים!".

**גדליהו זביקלסקי**

# שירות התחבורה הבינעירונית

זכרונותי מהעבר קשורים בראשיתו של שירות קבוע לנסיעות בינעירוניות במחוז קולו. סבי, ר׳ אנשיל וילצינסקי, היה מחלוצי התחבורה הזו. הוא היה מפני העיר, גבאי בית הכנסת, וזכורני כי נוהג היה לחבוש בשבתות ובחגים „צילינדר" לראשו.

בעודי ילד קטן הייתי בא לחצרו וראיתי שם 2 עגלות־נוסעים (קאטש), ולכל אחת מהן רתומים ארבעה סוסים. ה„קו" שלו היה התחום שבין הערים קולו וקאַליש ותחנות ביניים בעיירות טורק וצ׳קוב.

סוחרים, תגרנים, יהודים ונוצרים וכן כמרים היו באים לביתו לשם השגת מקום־נסיעה בעגלותיו. המקומות היו מצומצמים וכל הקודם זכה. היו קופצים רבים גם מערי הסביבה כגון: סומפולנה, איזביצה ועוד. רובם ככולם היו סוחרים. העגלות יצאו פעמיים בשבוע, הלוך וחזור בקו הנ״ל.

סבי עסק גם בהעברת דואר ובהובלת חבילות. עגלותיו מצטיירות עד היום לנגד עיני. היו אלו עגלות מיוחדות במינן ובצורתן. הכניסה היתה מהצד האחורי. בפנים היו מותקנים שני ספסלים מרופדים, מקצה ועד קצה, ובהם 16 מושבים. בתקופת החורף הקרה פוזר קש על גבי הרצפה, כדי לחמם את רגלי הנוסעים. מקומות ישיבה זולים היו בחוץ, על הדוכן, „קאזיאל" בלעז. העגלון היה שמעון וולף טריטלביץ׳. מפי אמי שמעתי, כי שימש במשרה זו כשלושים שנה, כמחצית חיי אדם. העגלון שקדם לו היה איש בשם חיימ׳ל. אם איני טועה היה שם משפחתו מילבסקי.

כאמור, היו מובילים בעגלות גם את הדואר. העגלון היה מחצצר בעברו ברחובות העיר, כדי לבשר לציבור על בואו וצאתו, או על שליחת משלוחים וקבלתם.

משפחות מספר — בעל־הבית, העגלונים, שליח הדואר וסבלים — מצאו פרנסתם בתחבורה זו. ככל שגדלו הערים כן גדלו הסיכויים להתרחבות תחבורה זו. העגלות של סבי לא סיפקו את כל הדרישות. בעקבות סבי הלך בער־נחמן בורנשטיין (חתנו של טוביה יאשעק), ואף הוא קנה לו עגלת־נוסעים.

עם פטירת סבי ז״ל עבר העסק לידי אבי, משה זביקלסקי, והוא ביקש לחולל מהפכה בשירות זה. תחילה הנהיג הנהלת חשבונות בעסק, שקד על רישום שמות הנוסעים ובשנת 1910 הפעיל אוטובוס מדגם „אוריון", שהביאו משווייץ. מהירות מכונית זו היתה 15 ק״מ לשעה — הישג גדול בימים ההם. האוטובוס היה מחולק

לשלוש מחלקות. המושבים במחלקה א׳ היו מרופדים ומכוסים קטיפה וראי היה תלוי שם. במחלקה ב׳ — ספסלים רגילים, ובמחלקה ג׳, בפרוזדור — היו מקומות עמידה ומחירי הכרטיסים היו זולים. כמה חידושים היו בנסיעה זו: דמי הנסיעה לא ניתנו לעגלון או לנהג; הנוסע היה חייב לקנות כרטיס מראש, לפני צאת המכונית לדרך. הנהג היה איש שווייץ; בתפקיד המבקר שימש שלמה מישליבורסקי, בנה של ה„קאלך־יידענע״.

התחרות פרועה פגעה בענף זה: אליעזר רזשבסקי ודודו יעקב רזשבסקי מקאַליש, הסיגו גבול והפרנסה דולדלה. אבי התחיל אז לפתח קווים חדשים, קנה מכונית בשותפות עם איש בשם מוניץ, והפעיל אותה בין הערים קונין — קאַליש. לא נתמזל להם: דליקה נפלה במכונית והיא הוצאה מהשימוש.*

השלטונות שמו מכשולים בדרך התפתחותה של התחבורה הפרטית. מצאו תואנה שמשקל המכונית הוא כבד מדי וגורם נזק לכבישים. טענתם היתה טענת שוא. דמו בנפשכם מהו הקלקול שעלולה לגרום מכונית שמהירותה 15 ק״מ לשעה!

עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה, בשנת 1914, הופסקה התנועה של השירות שלנו. האוטובוס הוחרם בקאַליש ע״י השלטון הרוסי. משנכבשה קאַליש ביקש אבי להוציא את רכושו מידי הכובש, המפקד פרויסקר. הלך אליו ושם ממש את נפשו בכפו.

הימים ההם היו ימי חירום. פרויסקר נהג בקאליש הכבושה באכזריות רבה. ללא דין ודיין הוציא להורג את אזרחי העיר. יהודים כנוצרים החלו לברוח ברוב בהלה. הטעינו צרורותיהם על כרכרות, ובהגיעם למסילת הברזל ירה עליהם הצבא הפרוסי והפיל חללים רבים.

אבי לא ישב בחיבוק ידיים ובימי סכנה אלה יצא לקאַליש, להציל רכושו. הגיע למקום מושבו של המצביא פרויסקר ובידיו בקשה כתובה באותיות מאירות עיניים. את הגליון החזיק ביד למען יראו כל משמרות הצבא ולא יפגעו בו. אל יטילו בו חשדות ולא ימנו אותו בין האזרחים העוינים לרשות החדשה (בין צבא הכובש הופצה שמועת כזב, כי אזרחים ירו בחיילים גרמניים).

מאמציו ותחבולותיו עלו בתוהו. נשארו לו רק קרונות־משא ומהם פרנסתו. בשנים 1914—1918 פתחנו קו חדש, קולו — לודז׳, וסוחרי העיר השתמשו בשירות זה. עיקר ההובלות היה קמח לעיר לודז׳ (מטחנת הקמח של משה בורנשטיין שבכפר פובירטשה) ואריגים מלודז׳ לקולו. תחנת הקרונות בלודז׳ היתה ברחוב קונסטנטינובסקה 16, בקרבת התיאטרון היהודי. חברה חדשה לשירות נוסעים נוסדה בשנת 1917. נוצרי, יליד קולו, חזר מאמריקה וקנה יחד עם אבי ועם מר פרל מקאליש מכונית שהופעלה בקו קולו — לודז׳. תחנות ביניים היו בעיירות: דומביה, אוניוב, פודמביצה ואלכסנדרוב. אוטובוס זה היה משוכלל יותר ומהירותו — 30 ק״מ

* בשנת 1912 הובא לקולו אוטובוס, שכונה „גוניץ״. האוטובוס שימש לתחבורה בין־עירונית. היו בו 2 מחלקות. בעסק זה היו שותפים האחים איטשע ושלום ניימן.

לשעה. אף שותפות זו לא החזיקה מעמד זמן רב, כי קפצה עליה רוגזת ההתחרות. פשדצקי הביא לקולו מכונית מדגם „פורד", שמהירותה עלתה על זו של המכונית שלנו. מובן מאליו, כי הנוסעים הרבו לנסוע במכונית החדשה.

קרונות־משא גדולים שעמדו לרשות אבי (בוידן) הופעלו שוב. סוחרים זעירים, שכספם מועט — נסעו בקרונות המשא, שהובילו גם את סחורתם.

בשנת 1925 נפטר אבי ז"ל והוריש לנו את עסקו. ההתחרות בענף התחבורה עשתה בנו שמות. במשפחה גברה הדעה למכור את הקרונות, אולם אמי לא הסכימה לזאת. עליה רבצה דאגת הפרנסה ולא ידעה מאין תבוא עזרתה. היינו בכל רע, לפעמים לא היה לאל־ידה לספק לנו פת־לחם.

באותה תקופה הצטרף אהרן שולץ לענף התחבורה, ולרשותו קרון־משא שהוכנס בקו קולו — לודז'. העגלון היה איש בשם זליקוביץ, לשעבר מורה לריקודים וגם חרט. הבריות היו מתלוצצים עליו שהוא „מרקיד את הסוסים", אולם השמחה בין העובדים בענף זה — היתה מהם והלאה. מלחמת ההתחרות החריפה...

משאת־נפשי לעלות ארצה הוגשמה בשנת 1935. הצטרפתי לקבוצת הסיירים, שאורגנה ע"י „הפועל" בפולין, והיא יצאה במסע־אופנועים מוורשה לארץ ישראל. המסע הוכתר בהצלחה.

**מיידיש — א. דובדבני**



קבוצת „הפועל" מא"י בביקור בקולו — „הפועל"־מאַנשאַפט פון ישראל באַזוכט קאָלאָ

**ח. א. שולץ**

# הקואופרטיבים להובלת משאות

עירנו היתה מרכז אספקה של כל מיני סחורות, שהובאו לעיירות בסביבה הסמוכה. ההובלה בעגלות ובמכוניות־משא — ממנה התפרנסו הרבה משפחות יהודיות. הסוחרים הסיטונאיים, שהיו מביאים את סחורותיהם מוואַרשה, מלודז׳ ומקאַליש — לא השתמשו ברכבת־משא, אלא באמצעי־ההובלה הנ״ל. עד פרוץ מלחמת העולם הראשונה, לא היתה קיימת תחבורת רכבת מוואַרשה לעירנו. את הסחורות היו מביאים ברכבת לקוטנה ומשם בקרונות־משא לקולו. מלודז׳ ומקאַליש הביאו את הסחורות בעגלות משא בלבד.

עובדי התחבורה לא נכנסו איש לתחום חברו; כל אחד מהם פעל ב„קו" שלו.

בשנות מלחמת־העולם הראשונה שותק כמעט ענף זה. הגרמנים החרימו את הסוסים והגבילו את המסחר. עם תקומת פולין התחילה התחבורה להתאושש. את המקום הראשון בענף־ההובלה תפסו מכוניות־המשא.

בענף ההובלה עסקו: מאיר שולץ, בר נחמן בורנשטין, יוסף שולץ, **אברהם קאופמן, וואלף ליפשיץ, יוסף שולץ, משה שוואַרץ, אברהם שוואַרץ, יצחק גוטמן, בייניש מענכע, פאלק שולץ, אהרן שולץ, יוסף שולץ, מאיר בן פאַלק שולץ, אברהם** מנדל מענכע, חיים פרוכענובסקי, פאַלק פרוסק, למל לנדסמן, **וואלף זעלינק, הירש** מנדל קאופמן, מנדל שטרן.

סאל מאריסאן

# קאָלער יידן אין די פאַרייניקטע שטאַטן

אין ניו־יאָרק, די גרעסטע שטאָט פון צפון־אַמעריקע, קאָנסטו טרעפן מענטשן פון אַלע קאָנטינענטן, לענדער, און שטעט. צווישן אַנדערע טרעפט מען אויך מענטשן פון אונדזער קאָלאָ.

די ערשטע בני־עיר זיינען אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. פאַראַן מענטשן וואָס רופן אָן אַפילו דאָס יאָר — 1870. אויב מען וועט נישט געפינען אַ פריערדיקע דאַטע, האָבן מיר אַ קיימא לן פון בערך 90 יאָר.

ווי אַלע עמיגראַנטן אין יענע יאָרן האָבן זיי זיך „אויסגעגרינט" אין דעם מזרח־טייל פון גרויסן כרך ניו־יאָרק, אין „איסט־סייד". זיי זיינען מערסטנס געווען אַרבעטער, פאַלקס מענטשן, געזוכט אין דער ווייטער יבשה אַ לעבנס עקסיסטענץ. כאָטש ווייט פון דער אַלטער היים, האָבן זיי אין ליידן און נויט נישט פאַרגעסן די שטאָט פון זייערע קינדער־יאָרן.

אין יאָר 1875 אָרגאַניזירט זיך אַ גרופע יידישע־עמיגראַנטן פון קאָלאָ און אַרומיקע שטעטלעך. זיי גיבן אַ נאָמען זייער חברה „חברה אהבת אברהם, בני קאָלאָ" און דערמיט האָבן זיי אויסגעדריקט זייער פאַרערונג דעם קאָלער רב אין יענער צייט וועמענס נאָמען איז געווען אברהם. דער הויפט צוועק איז געווען, ווי אין אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן, זיך העלפן דורך קעגנזייטיקע שטיצע בעת קראַנקהייטן, טויט־פאַלן א. ד. ג. אויף די ערשטע צוזאַמענקונפטן איז באַשלאָסן געוואָרן צו עפענען אַ בית־תפילה פאַר די מיטגלידער פון דער חברה.

קיין עפענטלעכן לאָקאַל האָבן זיי נישט געהאַט און די ערשטע באַראַטונגען זיינען דעריבער פאָרגעקומען אין די פריוואַטע וווינונגען. צוזאַמענסטן אויף דער דעלענסי סטריט, אין האַרץ פון יידישן ניו־יאָרק. כדי דער קאָנטאַקט זאָל זיין אָפטער, האָט מען ביי איינעם פון די לאַנדסלייט געדאַווענט בציבור אין די שבתים און ימים טובים.

עס איז אַדורך אַ קורצע צייט און די חברה האָט זיך דערשלאָגן צו אַן אייגענעם פלאַץ, אַ שטיקל באָדן אויפן וואַשינגטאָן־בית־החיים. נישט גרינג איז עס אָנגעקומען און מען האָט זיך געפרייט מיטן ערשטן שריט.

מיטן נייעם שטראָם פון עמיגראַנטן, צווישן זיי קאָלער־יידן, וואַקסט די צאָל מיטגלידער פון דער חברה. אויף איינער פון די פאַרזאַמלונגען איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצושטעלן אַ אייגענע שול. געזאָגט און געטאָן. עס איז געקויפט געוואָרן אַ

הויז אין ניו־יאָרק אויף 48 עוועניו ד׳. דער בית־התפילה האָט זיך געפונען אויפן ערשטן שטאָק און די דירות אויפן צווייטן שטאָק האָט מען פאַרדונגען.

אַ שריפה וואָס איז אויסגעבראָכן אין בניין, האָט אים אינגאַנצן צעשטערט. די מיטגלידער זיינען געווען שטאַרק דערשלאָגן פונם פאַרפאַל און געזוכט אַ טרייסט אין אַ פאַרשטאַרקטער אַרבעט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז אויפן פלאַץ פון אָפּגעברענטן בניין אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייע געביידע.

דער קאַמף פאַר עקסיסטענץ האָט צעשפּרייט די קאַלער יידן אין דער לענג און ברייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו זיי האָבן געזוכט פּרנסה. מחוץ דער חברה אין ניו־יאָרק, האָט מען געשאַפן אַ לאַנדסמאַנשאַפט־פאַריין אין שיקאַגאַ.

די קאַלער לאַנדסלייט אין אַמעריקע פאַרגעסן נישט זייערע ברידער און עלטערן אין דער אַלטער היים, שטיצן זיי מיט וואָס זיי קענען: שיקן געלט פאַר דער גמילות־חסדים קאַסע, העלפן דער יידישער גימנאַזיע, „עץ־החיים״־שולע און אויף די ימים־טובים ווערן געשיקט פעקלעך פאַר די נויטבאַדערפטיקע. די הילף איז געגאַנגען רעגעלמעסיק ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אַ גרויסע הילף־טעטיקייט האָט געפירט די „קאַלאַ־ליידיס־סאָסייטי״. ליידער האָט זיך דער דאָזיקער פרויען־פאַריין אויפגעלעזט מיט אייניקע יאָרן צוריק.

מיטן פונאַנדערוווקס פון דער שטאָט ניו־יאָרק, הויבן אָן די בני־עיר, ווי אַסך אַנדערע, צו פאַרלאָזן דעם צענטער און ציען זיך איבער אין די ווייטע קוואַרטאַלן. עס איז כמעט נישט געבליבן קיין קאַלער אין דער סביבה פונם שול־בניין. פון צייט צו צייט קומען דאָרט פאַר פאַרזאַמלונגען, אָבער מען גייט נישט מער אַהין דאַווענען.

אין רעזולטאַט דערפון איז די לאַנדסמאַנשאַפט אַריינגעפאַלן אין אַ שווערער פינאַנסיעלער לאַגע. אין יאָר 1945 איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרקויפן דעם שול־בניין צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג פון ניו־יאָרק. דאָס הויז איז איינגע־לייגט געוואָרן און אויף זיין אָרט, ווי אויך די אַרומיקע שטחים, זיינען אויפגעבויט געוואָרן גרויסע וווינונגס הייזער.

די טעטיקייט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט גייט ווייטער אָן. פאַרזאַמלונגען קומען פאָר איינמאָל אין חודש אין דעם געדונגענעם זאַל פון „סטאַטלער האָטעל״, אויף דער 33־טער גאַס, אין 7־טער עוועניו אין ניו־יאָרק.

אין די יאָרן 1935—1939, ערב דער צווייטער וועלט מלחמה, קומען אָן קיין אַמעריקע עטלעכע יונגעלייט פון קאַלאַ און ווערן מיטגלידער פון דער חברה. די צאָל האָט זיך נישט פאַרגרעסערט, ווייל אין דער זעלבער צייט, זיינען אַוועק אויפן עולם־האמת עטלעכע פון די ערשטע און איבערגעבליבענע.

נאָך דער מלחמה קומען אָן ידיעות פון רעשטל פאַרבליבענע קאַלער יידן וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשידענע לענדער. די יינגע מיטגלידער

פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אָרגאַניזירן אַ גרויסע הילפס־אַקציע — העלפן מיט וואָס עס איז נאָר מעגלעך. זיי נעמען אַ אָנטייל אין די קאַמפּיינען צו שטיצן פאַרשידענע אינסטיטוציעס, ווי: פאַראייניקטער ישראל־אַפּיל, הסתדרות־קאַמפּיין, ישראל באָנדס, שפּיטעלער א. אַ. וו. מען שיקט אויך פּעקלעך און שטיצע צו קאָלער אין דער גאָרער וועלט — צום יידישן הילפס־פאַריין אין קאָלאָ — געלט און קליידער.



חגיגה למלאות 65 שנה ל„חברת אברהם, בני קולו" בניו־יורק

פון רעכטס צו לינקס: יעקב קארלינגער ז"ל, איינער פון די גרינדער פון דער חברה און איר לאַנג־יעריקער פרעזידענט; זיין פרוי; פרץ בראנד ז"ל; זיין פרוי; פרוי עלסין בראנד, ראובן בראנד; פרוי נאטאן און הרב ה. נאטאן ז"ל. שטייען: ה. וויליאַמס, מ. רויך און ס. מאריסאָן.

די פייערונג איז פאָרגעקומען דעם 29־טן דעצעמבער 1940.

65 יעריקער יובילעי־באַנקעט פון „חברת אברהם, בני־קולו" אין ניו־יאָרק

אין יאָר 1946, אין געדענק־טאָג נאָך דער אומגעקומענער קאָלער קהילה, אָרדנט איין די לאַנדסמאַנשאַפט אַ הזכרה־פאַרזאַמלונג. עס האָבן מספיד געווען: הרב טויבנפליגל ז"ל און דער זשורנאַליסט יעקב פּאַט. דער לעצטער האָט איבערגעגעבן איינדרוקן פון זיין באַזוך אין דער חרובער קאָלאָ. פון דאַמאָלט אָן ווערט אָפּגעהיט דער יאָרטאָג לזכר די קאָלער קדושים.

אַ קליינע צאָל פון די פאַרבליבענע קאָלער יידן, זיינען נאָך דער מלחמה אָנגעקומען קיין אַמעריקע. ביים היינטיקן טאָג ציילט די חברה „חברה אהבת אברהם, בני קאָלאָ" אין ניו־יאָרק, איבער הונדערט מיטגלידער. דאָס איז די איינציקע עקסיסטירנדע אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט פון קאָלער יידן אין אַמעריקע.

*

ווען דער „ארגון יוצאי קולו בישראל" האָט אָנגענומען דעם באַשלוס אַרויסצוגעבן דעם „ספר קולו", האָט ער אויך געשיקט אַ רוף צו דער חברה

„אהבת אברהם, בני קולו" און פאַרגעלייגט בשותפותדיקע אַרבעט.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, זעענדיק די גלייכגילטיקייט מצד די אַנפירענדע מיטגלידער, האָט גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די קאָלער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ „יזכור־בוך"־קאָמיטעט, וואָס האָט געבראַכט די געווינטשענע רעזולטאַטן.

דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף אין יידיש און אים געשיקט צו די קאָלער לאַנדסלייט אין אַמעריקע און קאַנאַדע. דער אָפרוף איז געווען אַ גוטער. דער קינסטלער הערי דאַניעלס האָט געשאָנקען פאַר דעם צוועק אַ בילד, איינס פון זיינע ווערק, און עס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ לאָטעריע.

די פּראָפּאַגאַנדע אַקציע פאַרן „ספר קולו", איז אויך געפירט געוואָרן אין דער יידישער פרעסע אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ. דער קאָמיטעט האָט אויך צוגעשיקט פאַרן בוך קאָפּיעס און אינטערעסאַנטע היסטאָרישע דאָקומענטן, וועגן דער יידישער פאַרגאַנגענהייט אין קאָלאָ.



קבלת־פנים לח׳ ס. מוריסון — באַנקעט פאַרן ח׳ ס. מאָריסאָן צו זיין באַזוך אין ישראל



ר׳ אליהו פרידלאנד ז״ל

ש. ד. וואלף

# דער גרינדער פון דער קאָלער לאַנדסמאַנשאַפט אין לאָנדאָן

עס איז געווען אין אָנפאַנג די 30־ער יאָרן, ווען איך האָב געלעזן אין אַ לאָנ־דאָנער יידישער צייטונג אַ פּאָר שורות, וועלכע האָבן געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. זייער אינהאַלט איז געווען אַ תרעומה אויף די קאָלער יידן אין לאָנדאָן, פאַר.וואָס זיי טוען גאָרנישט פאַר זייער היים־שטאָט און נעמען נישט אַראָפּ קיין מוסטער פון אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן. דער קול־קורא איז געווען אונטערגעשריבן: א. פרידלאַנד, מאַנטשעסטער.

דער מחבר פון אויפרוף, איז מיר געווען דאַן אומבאַקאַנט און דעריבער האָב איך נישט געגלויבט, אַז עס וועט קומען אַן אָפּרוף. אַ קורצע צייט שפּעטער האָב איך ווידער געלייענט אַ צווייטע ווענדונג פון דעם זעלבן א. פרידלאַנד. דאַן האָב איך באַשלאָסן רופן צו טעטיקייט די קאָלער יידן אין ענגלאַנד פאַר דער געבוירנשטאָט.

איך האָב זיך פאַרשטענדיקט מיט אייניקע פון מיינע פריינט וועגן אַ לאַנדסמאַנשאַפט טעטיקייט און זיי האָבן איינגעשטימט צום אינהאַלט פון אַ נייעם אויפרוף, וואָס איז גלייך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער לאָנדאָנער טאָג־צייטונג „די צייט״. עס איז גערופן געוואָרן דער ערשטער מיטינג פון די בני־עיר און צווישן די ערשטע איז, פאַרשטייט זיך, געווען ר׳ אליהו פרידלאַנד,

װעלכער איז געקומען פון מאַנטשעסטער. ער איז געװען אין זיבעטן הימל פון גרויס שמחה.

די פאַרזאַמלטע זיינען געװען איבערצייגט, אַז עס איז דאָ אַ פעלד פאַר אַן אינטענסיװער טעטיקייט און מען קאָן פיל אויפטון. אין דעם אויסגעװיילטן קאָמיטעט זיינען געװען: משה װעבער (פּאַרזיצער), מאָריס קורץ (קאַסירער), ראַטבאַרד (סעקרעטאַר), דניאל בערנשטיין, רעסלער, ט. װערבער, א. זלאָטניצקי, ע. ברוקשטיין א. אַ.

דער פאַריין האָט געפירט זייער אַ גוטע טעטיקייט, אַדורכפירנדיק דערפאָלגרייכע אונטערנעמונגען. גרעסערע און עלטערע לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן אונדז מקנא געװען. באַדייטנדע סומעס געלט זיינען אָפּגעשיקט געװאָרן קיין קאָלאָ, פאַר פאַרשידענע הילפס־אינסטיטוציעס.

און דאָ װיל איך באַמערקן אַז דער דערפאָלג פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז געװען הויפּטזעכלעך אַ דאַנק ר׳ אליהו פרידלאַנד זכרונו לברכה. ער איז געװען דער „עמוד־התווך״, װאָס האָט אונדז געטריבן צו טעטיקייט. איך האָב אויך אויס־גענוצט מיין אַרבעט אין דער צייטונג „די צייט״, דאָרט האָב איך װאָך־ביי־װאָך געשריבן נאָטיצן, אויפרופן, אין װעלכע די קאָלער יידן אין ענגלאַנד זיינען גערופן געװאָרן צו צוזאַמענטרעפונגען. די לאַנדסלייט האָבן מיט אינטערעס נאָכגעפאָלגט דעם פּראָגראַם פון פאַריין. עס איז כדאי צוגעבן, אַז די צייטונג־פּראָפּאַגאַנדע איז געגעבן געװאָרן פריי.

די מיטינגען אין װעלכע עס האָבן זיך באַטייליקט ר׳ אליהו פרידלאַנד און זיין פרוי האָבן געצויגן אַ גרויסן עולם. קיין איינער פון די לאָנדאָנער בני־עיר איז נישט געבליבן אין שטוב, װען עס איז געװאָרן אַנאָנסירט אַ מיטינג מיטן אָנטייל פון מאַנטשעסטער גאַסט. דער זאַל און דער קאָרידאָר זיינען געװען איבערפולט. עס איז געװען אַ נחת צו זען פרידלאַנדן צװישן אַזױפיל קאָלער יידן, זיין פּנים האָט געלויכטן פון שמחה.

דער קאָנטאַקט צװישן די קאָלער, איז געװאָרן שטאַרקער און װאַרעמער. פיל קאָלער, װעלכע האָבן געװוינט נישט װייט פון מאַנטשעסטער, זיינען געפאָרן אים באַזוכן. מען האָט זיי דאָרט אויפגענומען מיט פריינטשאַפט און ליבע.

דער פאַריין האָט אָנגעהאַלטן זיין טעטיקייט ביז צום אויסברוך פון דער צװייטער װעלט־מלחמה.

ר׳ אליהו פרידלאַנד האָט זיך קונה־שם געװען מיט זיין נדבנות און באַשטייערונגען לטובת פאַרשידענע הילפס־אינסטיטוציעס. ער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון יעדן רוף און געשפענדעט גרעסערע סומעס לטובת הכלל. פאַרשטייט זיך אַז אויפן ערשטן אָרט — די יידישע אינסטיטוציעס אין קאָלאָ. עס איז ביי אים געװען אַ פרייד, װען ער האָט געקענט עפּעס טאָן פאַר אַ לאַנדסמאַן. פאַרן אויסברוך פון קריג, האָט ער געבראַכט קיין ענגלאַנד די פאַמיליע קוצער

(אַ זון פון גרשון קוצער), וועלכער האָט זיך געפונען אין דייטשלאַנד. אין דער צייט פון דער מלחמה איז געקומען קיין לאָנדאָן מיט דער פּוילישער אַרמיי עזרא רייכערטס אַן איניקל. איך האָב אים געשריבן דערוועגן און זיין אָפּרוף איז באַלד געקומען: שפּייז־פּעקלעך און געלט זיינען צו אים געשיקט געוואָרן. יעדן אורלויב האָט רייכערטס אייניקל פאַרבראַכט ביי פרידלאנדן אין מאַנטשעסטער, געווען דאָרט ווי אַ בן־בית. ער איז נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט גענאָסן פון ר׳ אליהוס נדבנישער האַנט.

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז די טעטיקייט פון פאַריין אָפּגעשטעלט געוואָרן מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. פרידלאַנד האָט דערפון זייער געליטן און פיל מאָל זיך געווענדעט צו מיר, מיר זאָלן ווידער וועקן די לאַנדסלייט צו טאָט. די שווערע לופט־אָנגריפן מצד די נאַציס, האָבן צעשטערט אַלע פּלענער. לאָנדאָן האָט שטאַרק געליטן פון די פיינטלעכע באָמבאַרדירונגען. די באַפעלקערונג איז געווען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד, עס איז שווער געווען צונויפרופן אַפילו אַ מנין. פרידלאַנדן האָבן נישט באַפרידיקט מיינע אַרגומענטן — ער האָט גערופן צו טעטיקייט אין אַלע באַדינגונגען.

נאָך דער מלחמה האָט פרידלאַנד ווידער אויפגעוועקט די פראַגע: ווען וועלן מיר באַנייען די טעטיקייט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט? מיר האָבן געפּרוּווט עפּעס טאָן, אָבער אָן דערפאָלג. אַ קליינע צאָל בני־עיר זיינען געבליבן אין לאָנדאָן, און די פאַרבליבענע — שווער געטראָפענע פון דער גרויסער יידישער טראַגעדיע. יעדער איינער האָט פאַרלוירן זיינע טייערסטע און אים ליבסטע אין דער אַלטער היים־שטאָט קאָלאָ.

פרידלאַנד האָט גענומען אַרבעטן אויף אייגענער האַנט. ער האָט געשריבן צום קאָלער מאַגיסטראַט, מען זאָל אים שיקן אַ ליסטע פון פאַרבליבענע און אָפּגעראַטעוועטע קאָלער יידן. עס האָבן זיך דאַן געפונען אין שטאָט אַ דריי צענטליק צוריקגעקומענע פון די לאַגערן און פון די אַנטלאָפענע קיין רוסלאַנד. צו זיי זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן געלט, פּעקלעך שפּייז און קליידער.

נישט קיין גביר־אדיר איז געווען ר׳ אליהו, אָבער ער האָט געהאַט אַ גוט האַרץ און נדבנישע האַנט: געהאָלפן נויטבאַדערפטיקע און אַרויסגעוויזן גרויס מסירות־נפש פאַר די קאָלער לאַנדסלייט.

זיין איינציקער זון, פ. פרידלאַנד, האָט געירשנט אַלע אייגנשאַפטן פון זיין גרויסן פאָטער.

לאָנדאָן.

**מיכאל נלקן**

# קורות מעפיל

### אחד מרבבה

כרבים מבני עירי שלא היה להם כל סיכוי לסדר את חייהם לעתיד, לא בעיר מולדתם ולא בשאר הערים של רחבי פולין, החלטתי להגר, לבקש לי מקום־מחיה ועבודה. עשרים וכמה שנים עשיתי בקולו, מיטב שנות ילדותי ונעורי, והיא — התנכרה לי.

תנאי ההגירה היו קשים למדי: היציאה מפולין והכניסה לארץ אחרת — חלום פנטסטי ממש. האמצעים הכספיים שעמדו לרשותי היו מוגבלים וה„סרטיפיקט" המאפשר רשות כניסה לארץ — לא כל אחד זכה בו.

הרגשתי שהאדמה נשמטת מתחת רגלי, והחלטתי לצאת ויהא מה! הלכתי לעיר גדאנסק, היא דאנציג, משם אפשר להגיע לכל יבשות־העולם. מכל ערי הגבול שבפולין בחרתי בה, כי היא היתה עיר־מדינה חפשית, בחסות חבר־הלאומים. לבני־פולין היתה זכות כניסה לעיר זו. זו ועוד: בדאנציג ובסביבתה ישבו כאחד עשר אלף יהודים, פליטים ומהגרים מרוסיה ומליטא. רובם ישבו על מזוודות וראו בעיר זו רק תחנת מעבר. מכאן הפליגו באניה באופן ליגלי, או בדרך־לא־דרך.

### רוכלות, נוסח גדאנסק

ב־17 בחודש החמישי של שנת 1934, באתי לעיר הנמל העתיקה, שעד היום ההוא נשארו בה בניינים מהמאה ה־16. ביום בואי מצאתי לי מקום־לינה, ויצאתי לתהות על קנקנם של אחינו בני ישראל, שמצבם היה כמצבי. במה הם עוסקים ואיך הם אוגרים כסף להוצאות הדרך? לא אמנה את כל הפרנסות, אבל אציין את העיקרית והיא — הרוכלות. רוב רובם של המהגרים, שישבו כאן ישיבה ארעית, עסקו במכירת קונפקציה (בגדים מוכנים) ודברי סידקית. בזאת קיימו את עצמם וגם חסכו קצת לשים בצרור, כדי לבצע את תכניתם ולהגשים חלומם.

סובבתי בכפרים שבקרבת העיר ובידי מזוודה מלאה סידקית. יום יום עשיתי בפרנסה זו משעות הבוקר עד הצהריים, ולא שיחקה לי השעה — הרווחתי מעט.

בשובי העירה הקדשתי את זמני הפנוי ל„מטרה", שלא הבענו זאת במפורש. אתאר רק כמה טיפוסים שנתקלתי בדרכי, המטפלים בעניינים הנסתרים, הם הנקראים „מאכערס". כל אחד מהם היה בעיני כספינקס. לא ידעתי לעמוד על טיבו. כמה מהם נראו אדיבים מאוד, אחרים — גסי רוח, כאילו מהעולם התחתון. ה„מאכערס" עסקו בארגון שיירות של מעפילים לארץ־ישראל. המחיר היה בגבול

בעשבי־בר ומים להשקאה אינם — יש להביאם ממרחק של קילומטרים״.

— „תנאי המכירה״ — כך מוסיף חתנו מנדל — היו תנאי אונאה: „אם תוך שנה לא ישלם הקונה את הסכום שהוא חייב — הוא מפסיד את כל כספו״.

חוסר ניסיון בעבודת הכרם, דאגות הקיום (אכלו מן הצרור שנשאר), והמאמצים הממושכים להשיג הלוואה — כל אלה דיכאו מאוד את רוחו. כזכור, הבטיחו בני עירו לתמוך בו; אולם במצוקתו לא נענו לפניותיו. מובן מאליו, שדבר זה השפיע לרעה על החזקת הנכס הקטן — הפרדס בגודל 50 הדונם. אף בבואו לביתו מצא הכל שלא כסידרו — לא רהיט, לא בגד ולא אוכל לשובע.

כאשר ר׳ בריש לא השיג את ההלוואה, שעשויה היתה להוציאו ממצוקתו, נאלץ למכור את הפרדס הצעיר והפסיד בכך את מרבית כספו.

„אילו היה מחזיק בו — כך מעיר חתנו — היינו נמנים כיום בין עשירי פתח־תקוה — שכן פרדס זה היה בשטח שבו נמצא כיום מרכז העיר״.

בימים קשים אלה עזרה לו אשתו: אפתה פתיתים ומכרה לבני המושבה. בנו צבי מצא עבודה בפרדסי־הבארון. לאחר יום עבודה ארוך חזר הביתה ועמו סל תפוחי זהב וזה היה המזון העיקרי.

שינויים רבים חלו בחייו, אך ר׳ בריש לא סטה מדרכו. הוא נאחז בכל הצעה, כאיש טובע הנאחז בקש. „בלי נחלה אין ארץ־ישראל״ — היה אומר לבני ביתו. כאשר הועלתה השאלה בדיוני משפחתו: „מהיכן תקח כסף?״ השיב: „מי זה אומר, שעלינו לרכוש פרדס מוכן? נקנה חלקת־אדמה וניטע אותה אנחנו!״

ספסרי קרקע „הריחו״ כי יש לו בצרורו קצת כסף, והציעו לו שטח חולות, שם נמצא כיום נמלה של תל־אביב.

ר׳ בריש ובנו יצאו לסקור את השטח, שעמד להימכר. המחיר היה בזיל הזול. הספסרים דרשו מקדמה, והבטיחו להעביר את ה„קושאן״ בימים הקרובים.

לפתע הופיע אדם, וניגש אל ר׳ בריש וגער בו:

— „משוגע, מה אתה עושה? הרי מניח אתה את כספך על קרן הצבי! כאן תעשה פרדס?״

דברי האיש הפילו פחדם על ר׳ בריש, והקנייה בוטלה ברגע האחרון.

הבת מספרת:

„הפניות הרבות לקרובים ולרחוקים היו כקול קורא במדבר. סוף־סוף עורער בטחון אבא ופחתו הסיכויים להכות שורש בארץ. הוא ידע, כי שובו לגולה עלול לתת שבט ביד שונאי ציון, ולכן דחה את צאתו מהארץ מחודש לחודש.

הוא חיכה לתשובה מאחיו שבאנגליה — עוגן ההצלה האחרון. הוא כתב אליו מכתב מלא תחנונים: ״עזור לי להגשים חלום חיי! כי בלעדיו קץ לחיי!״

יום אחד הגיעה התשובה המאכזבת: „אם מצבך קשה כל כך — בואו לאנגליה, כאן תמצאו פרנסה ברווחה!״

לא שמע להצעת אחיו, כי חיכה לתשובות אחרות ממוסדות שונים — ואף הן לא הביאו לו את הבשורה המשמחת. אף בימים אלה לא ניכרו בו כל סימני עצבנות: מוכן היה לכל הצרות הללו.

דחה את דרישת אשתו לחזור לקולו בכל ההקדם. „כל עוד שיש בבית לחם ובצל לא נזוז" — התעקש. אולם כאשר נטפלו אליו שאר בני ביתו — הכריעוהו. החליט לרדת לגולה לזמן־מה. מנוי וגמור עמו, כי בסופו יחזור למקום הנותן טעם לחייו.

מי שלא ראה את ר׳ בריש בשובו לקולו, לא ראה איש המצטמק בצערו. כל ידידיו, בני־עירנו, עזבוהו, לא רצו לדבר עמו מטוב ועד רע. גם ה„עסקנים", שדיברו תמיד בשבחו, התנכרו לו. לא שאלוהו: „היש לך מזון לסעודה אחת?, במה אתה מפרנס את בני־ביתך?"

כאשר היה בכל רע נסע לאחיו שבאנגליה, למצוא שם עבודה וסעד. אכן, תוך זמן קצר הצליח שם להסתדר, וחסך סכום־כסף נכבד לשלוח לבני־ביתו וגם כדי נסיעה שנייה לארץ־ישראל. בשובו לפולין מצא נחת: בניו ובנותיו התחילו לעבוד ואספו פרוטה לפרוטה, והכל קודש למטרת חייו. הוא עצמו למד בעיר קאַליש את מלאכת השרטוט, והמשפחה החלה לחיות ברווחה.

אך ר׳ בריש החליט לעלות לארץ־ישראל ויהי מה! כדי שיוכל לקנות לו חלקת אדמה נסע שנית לאנגליה. בשובו לווארשה נפל קרבן לרמאים שהוציאו מידיו את כל חסכונותיו. מה שנשאר לו הספיק לנסיעת־יחיד בלבד.

בפעם השנייה עלה ארצה בשנת 1923. ביקש להיאחז באדמה — אולם כיסו וכוחותיו לא עמדו לו. הפקידים לא זכרו לו את פעולותיו בפולין למען הקרנות, והוא נשאר בודד, ללא כל עזרה.

כדי להעלות את משפחתו ארצה למד את תורת השחיטה, ונעשה שוחט עופות בירושלים. שוב רכש לו ידידים, שתמכו בו ואיפשרו לו להעלות את אשתו ובניו.

את עצמו ראה כאזרח העיר, ואם גם עדיין רחוק היה ממטרתו, האמין שלא ירחק היום שבו ירכוש חלקת־אדמה.

לזאת לא זכה.

ב. י.

ג. וו.

# הנלהב

(לתולדות שלמה טרייבר ז״ל)

בקרב הציונים בקולו זכה שלמה טרייבר להערכה רבה, בגלל גישתו המעשית לכל פעולה ציבורית: עשייה וביצוע; את אלה קיים בעצמו ואף דרש מחבריו. קנאי היה להשקפתו וחריף בפולמוס — לא נתן להגן על ה„אורטודוקסן״, שבזמנו שללו את ההתיישבות בארץ־ישראל. כיון שגאולת האדמה היתה אז תנאי ראשון להתיישבות — הקדיש כוחות רבים לפעולת הקהק״ל (שימש שנים רבות כמורשה), ולמטרה זו אף הפעיל את בני הנעורים מכל הזרמים. לציונות הקדיש לא רק את שעתו הפנויה. כאשר קרוביו נשאלו היכן הוא, השיבו: „קהילהשע געשעפטן״. אף נתן מזמנו לענייני בוררות, כי היה אימון לשיפוטו.

משנות נעורי זכור לי מקרה אחד, שבו התבלט בארגון ובזריזות, ובכך מנע אסון. הדבר קרה באחד מימי יוני בשנת 1901. ממקום הרחצה הפומבי שעל שפת הנחל ואַרטה, בא רץ והודיע בקול זעקה: „מרביצים ליהודים!״

ציבור גדול הקיף את הנער הנמלט, שסיפר על חבורת נערים פולנים מוסתים, הממטירים אבנים על היהודים הבלתי מוגנים. הכל היו אובדי עצה. הראשון שהתאושש היה שלמה טרייבר. הוא התחיל לאסוף אנשים ורץ אתם למקום ההתנפלות, למרות ה„זהירים״ שיעצוהו לתת אימונו בשתדלנים. הוא אץ לבית המדרש והזעיק את אמיצי הלב: „מה לנו לחכות לתשובת ה„נאַטשאַלניק״ והתשובה היא בידינו!״. מחנות הוריו וממחסניהם הוציא מוטות ברזל וצייד בהם את החבורה. בעברו בשוק נוספו עליהם כמה שוליות וכל הקבוצה, כשלושים בחורים, יצאה למקום ההתנגשות.

על המערכה ניצח שלמה. מטר אבנים ניתך על ראש היהודים שנחלצו לעזרה, אך לא ארכה השעה ויד המגינים היתה על העליונה. כנופיית הפורעים נסוגה בבושת־פנים, כשאנשיה מוכים ופצועים, והיהודים חזרו לביתם.

בשנת 1924 עלה שלמה ארצה, כי האהבה שרחש לארץ זו לא נתנה לו לשבת בגולה. בקולו השאיר את משפחתו, כדי להביאה לדבר מוכן, ולמנוע ממנה את עינויי ההיקלטות. הוא השפיע על אחיו הצעיר שמואל שיצטרף אליו, כי טובים השניים מן האחד.

חלוצי קולו הראשונים, שהתקשרו עם המושבות הראשונות, מספרים על התלהבותו ועל חפצו העז להיות בין איכרי הארץ. במשקו של מיכאלי עשו זמן־

מה, אולם לא נקלטו במקום זה. בימים ההם נדרשו עובדי חברת חשמל והם יצאו העירה. שלמה ראה בזאת רק התעסקות זמנית. כאשר נראו לו סיכויים להיאחזות — חזר לפולין כדי להעלות את משפחתו.

בשנת 1934 חזר ארצה עם כל משפחתו. תכניתו היתד לרכוש חלקת אדמה ולהקים משק. הוא דחה את הצעות ידידיו לקבל משרת פקידות במוסד לאומי — לא לשם כך חיסל את עסקיו בקולו. אהבה לאדמה היתה יוקדת בלבו.

רבים הנסיונות שנתנסה בהם, ואולם אל מטרתו לא הגיע. עבד בכל העבודות, כדי לפרנס את משפחתו הגדולה, וחיכה להזדמנות שיוכל לקנות משק זעיר. משהשתלט על העבודה הגופנית הקשה, — ראה בכך את ההצלחה הראשונה שזכה בה בארץ. גורמים שונים מנעו ממנו להוציא לפועל את הדבר הגדול ביותר — להקים משק. אז הקים בית מלאכה קטן לכלי־עבודה חקלאיים. הוא ביקש להיות קרוב לעובדי האדמה.

את חלום חייו הגשימו שתיים מבנותיו הנמצאות בישובי הגליל — אחת במשק דפנה ואחת במשק חקוק.

# שוחר התרבות העברית

(במלאות שנה לפטירתו של הפרופ. מ. ד. גולדמן)



באמצע עבודתו המדעית נקטף משה דוד גולדמן, והוא עוד במלוא כוחו, מלא תכניות ונושא עיניו להשלמת מפעלו הבלשני — תרומה חשובה לחקר לשוננו העברית.

משה דוד גולדמן היה המורה בה״א הידיעה: כל ימיו חָלק מתורתו לכל דורשיו. בשלוש ארצות — כולן ארצות־ניכר — השקיע ממיטב כוחותיו. בפולין, שם עשה בשנות בחרותו, פעל בחברות הנוער, היה מדריך ומרצה; בגרמניה — שם עשה לרגל השתלמותו — הקדיש מזמנו לחיי החברה ולתנועה הציונית, והקים תלמידים רבים; ולאחרונה — במלבורן — התחנה האחרונה, היה פעיל בחיי הציבור, פעל והפעיל ב„ברית עברית עולמית״. עד ימיו האחרונים שימש יו״ר של הסניף במלבורן.

כאח בוגר התהלך משה־דוד בחברת בני הנעורים בקולו. זכורה לי עבודתו הפורייה ב„צעירי ציון״. לימדנו מנסיונו והקנה לנו מידיעותיו. שיחותיו והרצאותיו עוררו עניין רב ונתחבב על כולנו. ידענותו לא העבירתו על דעתו.

רבה היתה מסירותו לתורה. לא מצא די במקצועות שלמד באוניברסיטה שבוואַרשה. כשבא לחופשה הביתה הלך לשאוב ממעינות התלמוד. יום־יום קבע שעות ללימוד התלמוד; הלך אצל ר׳ אפרים שלומפר, הגדול שבמלמדי גפ״ת, ומפיו

למד כמה מסכתות. שקדן היה ומתמיד.

לאחר מלחמת העולם הראשונה יצא מ. ד. גולדמן לברלין, השתלם שם באוניברסיטה והוכתר בתואר ד״ר לפילוסופיה. עבודותיו המדעיות הקנו לו שם, ונתמנה מרצה בסמינר היהודי למורים — לימד את השפות העברית והארמית. בשנים 1935—1938 נתמנה מרצה בפקולטה לשאלות המזרח באוניברסיטה שבברלין.

רוגזת הנאציזם עקרה אותו ממקום התורה. לאחר טלטולים רבים מצא מקלט באוסטרליה. בהרצאות האורח שלו משך שימת־לב ולא עבר זמן רב ונתמנה פרופסור לשפות שמיות באוניברסיטה שבמלבורן. מה רבה היתה ההערכה אליו יש להסיק מדברי ההספד ביום השלושים לפטירתו, שנשא הדיקן סיר ג׳ורג׳ פאטאן: „המוות בלא עת של הפרופסור מ. ד. גולדמן הוא אבידה גדולה לאוסטרליה כולה״.

בין תכניותיו שלא הוגשמו היתה התכנית לעלות ארצה ולהשתקע בה. ביקר בארץ פעמיים כציר לועידות של „הברית העברית העולמית״.

זמן קצר לפני מותו התחיל לכתוב עבודה בשביל „ספר קולו״, אולם זו לא נשלמה.

**אליהו דובדבני**

*

משה גאָלדמאַן, איז געווען דער טעאָרעטיקער אין דער קאָלער „צעירי־ציון״־אָרגאַניזאַציע.

באַלד נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין סוף זומער 1914, איז ער צוריקגעקומען מיט זיין סטודענטן־היטל פון וואַרשע. זיין יידישער און אַלגעמיינער וויסן האָט געמאַכט אַ רושם. דערצו נאָך איז ער געווען באַשאָנקען מיט אַן אויסערגעוויינלעכן זכרון און פאַרמאָגט אַ גוואַלטיקן חשק צום לערנען.

הגם ער איז געווען אַ זון פון אַ רייכן מאַנופאַקטור־סוחר, אריה־לייב גאָלדמאַן, איז ער געווען חבר מיט אַלע, נישט אַרויסגעוויזן קיין שמץ פון גרויסקייט, נישט שטאָלצירט מיט זיין וויסן. חברים האָבן דאָס אָפּגעשאַצט און באַלד איז ער געוואָרן דאָס פענדל פון דער אָרגאַניזאַציע. ער האָט פיל געלייסטעט אויפן קולטורעלן געביט. די צ״צ־חברים, געדענקען נאָך זיינע אינהאַלטרייכע רעפעראַטן און לעקציעס אין די קרייזן.

ער האָט דערגרייכט הויכע שטאַפּלען אין זיין וויסן: געווען דאָצענט אין בערלינער אוניווערזיטעט און שפעטער — פּראָפעסאָר אין מעלבורנער אוניווערזי־טעט, אָבער זיין חלום פון די יינגע יאָרן אָן, איז געווען ארץ־ישראל. ער האָט דאָס לאַנד צוויי מאָל באַזוכט און נישט זוכה געווען צו זיין אַ שטענדיקער בירגער. ער איז מיט ישראל געווען פאַרבונדן בלב ובנפש. זיין ווּנטש — זיך צו באַזעצן אין זיין חלום־לאַנד, איז ליידער נישט רעאַליזירט געוואָרן.

**אבל יארמוש**

ה. ה.

# געזעלשאַפטלעכע טוער

ראַזאַליע קויפמאַן. אַ מערקווירדיקע געשטאַלט איז געווען די דאָזיקע פּולסיווע און איינפלוסרייכע יידישע פרוי. זיגזאַגיש איז געווען איר לעבנסוועג. אין איר פריעסטע יוגנט, האָט זי אַרויסגעוויזן אינטערעס צום סאָציאַליסטישן לאַגער. אין די יאָרן פון אויפברויז — 1904—1905 — איז זי מיטגעריסן געוואָרן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זי האָט דאַן, ווי אַסך פון דער יידישער אינטעליגענץ, זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּ. פּ. ס. אויף אַרבעטער פאַרזאַמלונגען האָט מען געהערט אירע רופן צו די מאַסן, זיי זאָלן אַ סוף מאַכן צו די עוולות און אונטערדריקונגען און אויפבויען אַ וועלט פון יושר און אמת. די רוסישע פּאָליציי האָט איר פאַרפאָלגט און אַ געוויסע צייט, האָט מען פון איר נישט געהערט.

אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, שווימט זי ווידער אַרויף אויף דער אויבערפלאַך, אָבער דאַסמאָל, דירעקט אין ענינים, וועלכע האָבן אַ שייכות צום יידישן לעבן. איר איינשטעלונג — אַ בירגערלעך־פילאַנטראָפּישע. זי העלפט אָרגאַניזירן אַ יידישע ביליקע קוך, זאַמלט געלט אויף פילאַנטראָפּישע צוועקן. די הילפסגרייטקייט פון ראַזאַליע קויפמאַן רופט אַרויס באַוואונדערונג, זי ענטפערט אויף אַלע רופן, פרעגט נישט אויף קיין „פּאַרטיי־פּאַספּאָרט".

אין יאָר 1924, איז ראַזאַליע קויפמאַן אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן אין שטאָטראַט, אַלס ערשטע קאַנדידאַטן אויף דער ליסטע פון דער יידישער אומפּאַרטייאישער בירגערלעכער גרופּע. אין שטאָט־ראַט האָט זי זיך שטאַרק פאַר־אינטערעסירט מיטן רעסאָרט פון סאָציאַלער טעטיקייט.

אויף די אַטאַקעס מצד די ענדעקעס, ענטפערט זי מיט אירע געלאַסענע לאָגישע רייד, וויזט אויף ווי פאַלש זיינען די אָפּשאַצונגען לגבי די יידן. זי גלויבט תמימותדיק, אַז אַלע מענטשן זיינען פון נאַטור־אויס גוטע, מען מוז זיי בלויז אויפקלערן... צווישן אירע אַרגומענטן: „צי האָבן די יידן נישט פיל מיטגעווירקט אין קאַמף פון פוילן פאַר איר אָפּהענגיקייט?" דער אָפּקלאַנג פון אירע רייד האָט איר געמאַכט אַ שם אין אַלע קרייזן.

אויך זי איז אומגעקומען דורך די נאַצי־בעסטיעס.

יהודה באַרקאָווסקי. געווען אַ צייט, ווען זיין נאָמען האָט שטאַרק געגלאַנצט, זוכה געווען צו גרויסער פּאָפּולאַריטעט.

„באַרעק", ווי מען פלעגט אים רופן, איז געווען אַ קינד פון אָרימע עלטערן

און מיט אייגענע כוחות אַדורכגעשלאָגן אַ וועג אין לעבן. אָנגעהויבן האָט ער אַלס בוכהאַלטער און שפּעטער געווען פונקציאָנאַר פון די לינקע פּועלי־ציון. זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן האָבן פיל מיטגעהאָלפן צום פונאַנדערוווקס פון דער פּאַרטיי, וואָס פאַרנעמט דעם אויבן־אָן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט.

אין שטאָט־ראַט שטייט ער בראש פון די „פּועלי־ציון" (לינקע), וואָס האָט פינף ראַטמענער און אַ לאַווניק. גאַנץ אָפט קומט אים אויס אויסצושטיין געברענטע צרות מצד די רעכטע פּוילישע ראַטמענער, זיי קאָנען נישט רואיק אויסהערן זיינע גערעכטע טענות, און פיל מאָל האָבן זיך זיינע אַרויסטרעטן געענדיקט מיט געשרייען, זידלערייען און אָבסטרוקציעס מצד די אַנטיסעמיטן.

באַרקאָווסקי פאַרמעסט זיך אויף גרויסע זאַכן און נישט אַלעמאָל געלונגט עס אים, ער ציט זיך אָבער נישט צוריק פאַר שטערונגען, איז נישט איבערקלויבעריש אין מיטלען. זיינע דערגרייכונגען און אינטערווענץ, האָבן אים פּאָפּולער געמאַכט ביי פאַרשידענע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, ביי קליינהענדלער און בעלי־מלאכות.

איינע פון די אינסטיטוציעס אין וועלכע ער האָט אַריינגעלייגט כוח און מוח איז געווען די פאָלקס־באַנק, ווו ער האָט פאַרנומען דעם דירעקטאָר־אַמט. ער האָט אויך פיל געלייסטעט פאַר דעם קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו און אין דער געזעשלשאַפט „פריינט פון אַרבעטער־פּאַלעסטינע". וועגן זיין טעטיגקייט אין דראַמקרייז — זע קאַפּיטל „אַמאַטאָרן און טעאַטער".

בשעת דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה וואַנדערט ער איבער צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע קיין ראַטן־פאַרבאַנד. ער האַלט זיך אויף אין דובנא און געפינט אַרבעט אין דער אָרטיקער מלוכהשער באַנק, אַלס בוכהאַלטער.

אין יאָר 1941, נאָך דער היטלעריסטישער אָפענסיווע אויף די מזרח־געביטן, איז ער אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע.

אברהם לייביש קאנינסקי. איינער פון די, וואָס האָבן זוכה געווען צו זען די פאַרווירקלעכונג פון זיין אידעע, לעבן און אַרבעטן אין ישראל, איז אברהם לייביש קאָנינסקי. ביזן היינטיקן טאָג אַרבעט ער ביי דער מאַשין אין אַ חיפה'ער פאַבריק.

אין די יוגנט־יאָרן איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין פּאָליטישן לעבן. שוין אין בלעכער־וואַרשטאַט פון זיין פאָטער, העלפט ער אָרגאַניזירן די געזעלן און לערן־יינגלעך און איז אַקטיוו צווישן די „אחדות".

אברהם לייביש איז שפּעטער טעטיק אין דער „פּועלי־ציון" פּאַרטיי. בשעת דער שפּאַלטונג, געהערט ער צום קליינעם קרייז, וועלכער איז פאַר אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג. צווישן די גרינדער פון די „פּועלי־ציון" (רעכטע) אין קאָלאָ, פאַרנעמט ער אַ חשובן אָרט, דערפירט די פּאַרטיי, נאָך דער פאַרייניקונג מיט צ. ס., צו די פאָדערשטע פּאָזיציעס. גרויס

זיינען זיינע לייסטונגען ביים גרינדן דעם קיבוץ־הכשרה, קינדערהיים „תל־חי", „הפועל" און אַנדערע.

די „פועלי־ציון" (צ. ס.), שיקן אים אַלס פאַרשטייער אין שטאָט־ראַט און קהילה. ער האַלט ווייניק פון רעדן און צייכנט זיך אויס אַלס פּראַקטישער טוער, מען אַכטעט אים פאַר זיין ערלעכקייט און באַשיידנקייט — צוויי הויפּט־שטריכן פון זיין כאַראַקטער.

אין דער יידישער קהילה. פירט ער אַ שאַרפן קאַמף קעגן די „אגודה"־פרנסים, באַמיט זיך אַריינצוברענגען אַ נייעם גייסט, אַרויסרייסן די שליטה פון די „כלי־קודש". ער דערלאָזט נישט, אַז געוויסע בירגערלעכע קרייזן זאָלן פאַרוואַנדלען די קהילה אין אַ „קרעמל פון מאַכינאַציעס".

אומעטום ריפט ער אַרויס סימפּאַטיע מיט זיין חברישקייט — איז תמיד גרייט אָוועקצוגעבן ביזן לעצטן, כדי צו העלפן נאָענטע און ווייטע. יעדע פרייע שעה ווידמעט ער די פּאַרטיי און אירע אינסטיטוציעס, העלפט אַדורכפירן די גרויסע אַקציעס פאַר די ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע פאָנדן.

אין יאָר 1935, איז ער עולה קיין ישׂראל. זיין אָרט איז, ווי תמיד, צווישן די אַרבעטער.

יהושוע ענגעלהאַן. דווקא אים, אַ בירגערלעכן ציוניסט, האָט די פּוילישע סאַנאַציע־רעגירונג, פאַרשיקט קיין קאַרטוז־בערעזע, די שטראָף־טורמע פאַר סאָציאַליסטן. זיין „זינד" איז געווען: ער האָט זיך ציפּיל אַנגאַזשירט אין טאָן טובות למען הציבור. געזוכט אומוועגן וויאַזוי צונישט מאַכן גזירות און שטראָפן אויף יחידים.

שיע — אַזוי האָט מען אים גערופן — איז נישט געווען קיין קאַלער געבוירענער. גאָלדבערג פון טאַרטאַק האָט אים אַראָפּגעבראַכט, גענומען אים פאַר אַן איידעם און געמאַכט אים פאַר אַ שטיקל שותף פון זיין גרויס געשעפט. דער יונגערמאַן מיטן פייערדיקן קאָפּ, האָט אָבער זיך מער פאַרינטערעסירט מיט כלל־אַרבעט, ווי מיט מעסטן די ברעטער און פירן קליינע חשבונות. ער האָט ליב געהאַט געזעלשאַפט, ארץ־ישׂראל און שיחת־חולין פון תלמידי־חכמים.

די ציוניסטן האָבן אים אויפגעכאַפּט, ווי אַן אבן טוב. הנאה געהאַט פון זיינע ווערטלעך און שאַרפזין און געפונען אין אים אַ פּאַסיקן קאַנדידאַט צום שטאָט־ראַט.

אין זיין גרויסן אימפּעט ביים העלפן מענטשן, האָט ער אויסגענוצט אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע מיטלען. ער איז געווען אַ מומחה אויף איבערדרייען הערצער פון די באַאַמטע, אין די קאָמונאַלע אינסטיטוציעס. זיינע „אויפטוען" האָבן איבערראַשט די פּאָליציי און אַנדערע באַאַמטע און, ווי מען דערציילט, איז אונטערגעקומען אַ מסירה'לע. די מאַכט האָט באַשלאָסן פּטור צו ווערן פון אים.

שטעלן אים צו אַ געריכט — האָבן זיי נישט געהאַט קיין באַווייזן קעגן אים. מען האָט אים דעריבער פאַרשיקט קיין קאַרטוז־בערעזע, ווו עס זיינען געזעסן „נישט געוווּנטששענע״ פאַר דער סאַנאַציע־מאַכט.

נאָך דריי מאָנאַטן קאָנצענטראַציע־לאַגער, איז ער צוריקגעקומען קיין קאָלאָ אַ מידער און אַ דערשעפטער. ער האָט זיך גענומען ווייטער צו זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אָבער שוין נישט מיט דעם ערשטן ברען.

ביי אַלעמען אין זיכרון איז געבליבן דער איבערגעגעבענער ציוניסט און וואַרעמער מענטש. ער איז שטענדיק גרייט געווען צו טאָן אַ יידן אַ טובה. צוזאַמען מיט פיל קאָלער יידן, איז ער אומגעקומען. מען ווייסט אַפילו נישט אין וועלכן לאַגער.

משה שיינפעלד. אַ ייד ווי אַ רעטעניש: פאַרשטייער פון דער אָרטאָדאָקסיע, פון דער „אגודה״, און האָט ליב בכל רמ״ח איברים עולם הזה... נישט געדאַוונט אין חסידים־שטיבל און געווען דער פאַרשטייער פון „גערער הויף״. נישט געהאַלטן קיין רעדעס, אָבער זיין וואָרט אין די „הויכע פענצטער״ האָט געהאָלפן. ער איז אפשר געווען דער לעצטער פון דער „שתדלנים תקופה״.

אַן אויסנאַם איז ער אויך געווען אין זיין אויסערלעכן אויסזען: זיין לבוש: אַ דרייפערטלדיקע קאַפּאָטע, מען קען זי טראָגן מיט אַ יידיש היטל און מיט אַ קאַפּעלוש. אויף זיינע נסיעות, איז ער געווען אַ „דייטש״. דאָס באַבילאָנישע פירעקיקע בערדל איז תמיד געווען פיין געשוירן און פאַרקעמט. דער קאָלנער — ווייס, פאַרבונדן מיט אַ שניפּס. ווען מען רעדט מיט אים וועגן וועלט־זאַכן, נישט וועגן רעליגיעזע ענינים, דוכט זיך, אַז ער איז אַ פאַרגעשריטענער מענטש. רירט מען, חס־וחלילה, אָן די „כלי־קודש״, ווערט ער פלאַם־פייער. זיין גאָט איז דער קאָלער רב, איז תמיד אַ בן־בית ביי אים, באַראָט זיך מיט אים וועגן קהילהשע ענינים, וועגן זיין קאַמף מיט די „חפשים״.

ביי שיינפעלדן אין שטוב האָט מען גערעדט פויליש, צו אים פלעגן קומען צו גאַסט, מענטשן פון דער אינטעליגענץ, און איבערהויפּט פון דער פוילישער. ער האָט געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן ציוניסטן און גענומען פאַר זיינע קינדער אַ הויז־לערער, אַ ציוניסט, וואָס האָט געלערנט מיט זיין זון תנ״ך און העברעיש מיט דער הברה ספרדית. ער האָט געחלומט צו שיקן זיי קיין ארץ־ישראל.

די „עץ־החיים״־שולע און „בית־יעקב״ האָבן געפונען אין אים אַן איבערגעגעבענעם פריינט און אפוטרופוס. אָן זיין עצה וואָלטןביידע אינסטיטוציעס נישט אויסגעהאַלטן. אויך ער איז אומגעקומען פון די נאַצי הענט.

העניעך הירשביין (דאָס קאַפּיטל איז געשריבן דורך נ. מ.).
העניעך הירשביין, איז געווען זייער באַליבט ביי דער יידישער אָרעמקייט

אין שטאָט. יאָרן־לאַנג, איז ער געווען דער פאָרשטייער פון „בונד" אין שטאָט־ראַט און קהילה, געשאַפן די „קולטור־ליגע" און פיל אַנדערע אינסטיטוציעס פון דער באַוועגונג. פון 13־טן לעבנס יאָר, איז הענעך הירשביין פאַרבונדן מיט דער אַרבעטער באַוועגונג. אַ שווערן קאַמף האָט ער געמוזט פירן מיט זיינע רעליגיעזע עלטערן, זיי זאָלן אים לאָזן ווערן אַ אַרבעטער. זיין פאָטער, ר' יוסף עקיבא, אַ גמרא־מלמד, וויל זיין דערוואַקסענעם זון שיקן אין ישיבה, ער זאָל ממשיך זיין דעם אָנגעהייבענעם וועג אַלס לערנער. מיט דער הילף פון זיין מוטער, אַן אינטע־ליגענטע פרוי, געלונגט אים איבערצוצייגן דער פאָטער. ער פאָרט דאַן קיין ליפנע, לערנט דאָס צוקער־בעקער־פאַך און פאַרפולקאָמט זיינע ידיעות אין וולאָצלאַוועק. דאָ ווערט ער אַריינגעצויגן אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

צוריקומענדיק אין זיין היים־שטאָט וואַרפט ער זיך אַריין מיטן גאַנצן ברען אין דער פּאָליטישער אַרבעט און העלפט אָרגאַניזירן דראַמקרייזן. ער איז פיל יאָרן סופלאָר און שפּעטער — פון די הויפט מיטשפילער.

די געשיכטע פון „בונד" אין קאָלאָ, איז אַ טייל פון הירשביינס ביאָגראַפיע.

די גרעסטע אַרבעט זיינע איז געווען דאָס גרינדן דעם קינדערהיים אויפן נאָמען פון וו. מעדעם. ווען מען האָט געדאַרפט עפּעס האָבן פאַר דער דאָזיקער אינסטיטוציע, איז ער גרייט געווען אַוועקצוגעבן אַלץ.

ווען די מאַטעריעלע לאַגע פון קינדערהיים איז געוואָרן שווער, האָט ה. ה. פאָרגעלייגט צו קויפן אַן אייגן הויז. אַלע זיינען געבליבן דערשטוינט, אָבער עס איז אים געלונגען איבערצוצייגן זיינע חברים, אַז ביי אַ גוטער אָנשטרענגונג קאָן דאָס געשען. אין אַ קורצער צייט אַרום איז געפייערט געוואָרן דער חנוכת הבית.

אין די לעצטע יאָרן האָט הענעך הירשביין געאַרבעט אַלס קאָנטראָלער ביי די אויטאָבוסן, וועלכע האָבן קורסירט אויף דער ליניע: קאָלאָ—לאָדזש. קומענדיק אַהיים אַ מידער, האָבן שוין אויף אים געוואַרט געקוועלטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין הילף.

אין 1939 וואַנדערט ער אויס קיין ראַטן־פאַרבאַנד. אין 1946 קומט ער צוריק קיין פוילן. פון יאָר 1950 געפינט ער זיך אין ישראל.

# בשנות השואה




מצבת־זכרון לחללי השואה בבית־הקברות בחיפה
אָנדענק־שטיין פאַר די אומגעקומענע אויפן חיפה׳ער בית־הקברות

# אין די יארן פון אומקום

טאלא מאסקאל־שולץ

# דערמאָנונגען

כ׳וויל דאָ איצט דערמאָנען יענע פיינלעכע צייטן,
די איבערפולטע מיט גרויל, שווערע מי און טרויער;
און טעג פון גרויס בענקשאַפט, איבערמענטשלעכע ליידן,
ווען אויף אונדזער לעבן האָט דער תּלין געלויערט.

כ׳זע מיין טייער שטעטל ווידער, ווי אַמאָל,
און מיינע קינדער־יאָרן, וואָס זיינען שוין אַוועק;
יעדעס פּנים איז נאָענט, מיט ליבשאַפט איבערפולט,
נאָר אומעטיק פון אָרעמקייט, פאַרפייניקט פון שרעק.

כ׳שמועס מיט מיין שוועסטערל, מיין ליבענקע, מיין קליינינ,
דריק איר די הענטלעך, קוש איר שטאַרק אין מויל,
כ׳צערטל איר געזיכט, דאָס לויטערע, דאָס שיינע.
איצט געבליבן כ׳בין אַליין — אַלץ איז פוסט און הויל.

געקומען זיינען יאָרן פון קריג, פון ווינטן בייזע,
וואָס האָבן די חלומות, די טרוימען מיר צעזייט,
פאַרשטויסן מיין יוגנט מיט פייער און אייזן,
מיין רו מיט כּוח פאַרטוישט אויף אַ ביטער וויי־געשריי.

מ׳האָט צעבראָכן מיין היים, באַרויבט מיין טאַטע־מאַמע
און ווייט פאַרשיקט אַלע — צי קומט מיר אַזאַ שטראָף?
פאַרפינצטערט זייערע אויגן האָבן שלאָגענדיקע פלאַמען,
געבליבן כ׳בין איינזאַם — אַ פאַרבלאָנקעטע שאָף.

אויף דער פאַלשער וועלט וואָס טאָן, ווו לעבן איצט כ׳מוז,
ווען קברים בלויז פאַרנעפּלען מיין אויגן־שיין.
דעם אָרט פון מיינע אבות יעדע ווינט צעבלאָזט,
נאָר דערמאָנונגען בלייבן וועגן מיין טייערע היים

**אבֿרהם האראַפּ**

# חורבן קאָלאָ

אַליין מיטגעמאַכט,
איבערגעלעבט,
פֿאַרצייכנט לדורות.

## אויפֿן ברידער־קבֿר אין כעלמנא

...ווען איך בין אין זומער 1945, נאָך דער וויסטער מלחמה און טויט־לאַגערן, צוריקגעקומען אין מיין היימשטאָט קאָלאָ, האָב איך אָנגעטראָפֿן 40 געראַטעוועטע יידן. אַלע ווי איינער — עלנטע און פֿאַריתומטע, אָן אַ היים און אָן אַ מאָרגן. פֿון זיי האָב איך באַקומען אַ דאָקומענט וועגן כעלמנא, געשריבן פֿון אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען אַנדזשעי מישטשאַק *.

נאָכן איבערלייענען אים, האָב איך זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפֿינען. איך בין אַוועק צום אָרט, וואָס איז געהייליקט געוואָרן דורך אומבאַשרייבלעך שווערע פּיינען, זוכן די שפּורן פֿון טאַטעס, מאַמעס, פֿרויען און קינדער. ווי אַ לעצטער זכר פֿון די מערדערישע אויסראָטונגס מיטלען, איז געבליבן דער שטומער גאַז־אויטאָ, וועלכער איז לכתחילה געשטאַנען אין הויף פֿון אסטראָווסקיס פֿאַבריק.

אויפֿן פּלאַץ איז אַ קלעמענדיקע שטילקייט, ווי ס'וואָלט אַ לעבן איבערגעהאַקט געוואָרן אין מיטן. האַלב־פֿאַרקוילטע ביימער שטייען נישט ווייט פֿונם אָרט ווו די אויוונס זיינען געשטאַנען. ביימער מיט שוואַרצע, נאַקעטע צווייגן, ווי פֿאַרגליווערטע אָרעמס. זיי — שטומע עדות פֿון דער היטלעריסטישער נאַכט.

לאַנגע רייען פֿון ברידער־קבֿרים אָן נעמען, איין ריי לעבן דער צווייטער. שטיקער ציגל ווי בלוט־פֿלעקן פֿונם אויפֿגעריסענעם קרעמאַטאָריום. אייזערנע רושטן, ענלעכע צו די פֿון בוכענוואַלדער ברען־אויוון. אויך דאָרט האָט מען אויף זיי געברענט מענטשלעכע קערפּערס, אויך דאָרט האָט פֿון אונטן געטריפֿט פֿעטס — רוי־מאַטעריאַל פֿאַר „ריף״־זייף...

קופּעס פֿון טויזנטער קדושים, אויסגעמישט מיט סמאַטעס, קאַפּטשעס, אָנגעוואָרפֿענע פּושקעס מיט דראָטלעך, אַ סך, אַ סך ברוכוואַרג. כ'האָב געזוכט און גענישטערט אין הויפֿנס מיסט, געוואָלט עפּעס געפֿינען פֿון אייגנס, פֿון לעבנס פֿאַרשניטענע. אַ קינדער־שיכעלע האָט זיך פֿאַרוואַלגערט, איין שיכעלע איז געבליבן פֿון צענטליקער טויזנטער אויסגעשאָכטענע קינדער און אַ ביסל ווייטער — ביינער — אַ מענגע מענטשלעכע ביינער! אפֿשר געפֿינען זיך צווישן זיי אויך

---

* זע „עדותו של אנדז'יי מישטשאק״ אין אָפּטיילונג „דאָקומענטן און עדות״.

דיביינער פון מיינע טייערע? אין פראַנט, אויפן ערשטן פעלד — אַ קליינער ברידער־קבר. עס ליגט אויף אים אַ קראַנץ, אַוועקגעלייגט דורכן רעשטל קאָלער יידן.ביים קראַנץ — אַ שטעקן, אַ שטעקן פון אַן אומגעקומענעם זקן...

נאָך אַ לאַנגער שעה פון איינזאַמקייט און טרויער, בין איך מיטן קאָפּ צו דער ערד געבויגן, אַוועק פון גרויסן בית־הקברות. אין מיינע הענט, ווי אַ הייליקטום אַ פּאָר ביינער, וועלכע איך האָב אַרויסגענומען פון אַן אָפענער גרוב. איך בין צוריקגעגאַנגען אין דער פּוסטער שטומער שטאָט, מיט אַ גרויסן ריס אין האַרצן, אַ ריס וואָס וועט זיך קיינמאָל נישט פאַרהיילן.

## אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן

מיינע שוואָגערס, חברים און באַקאַנטע — אומגעקומענע
אין די פּויזנער לאַגערן, ווידמע איך מיינע שורות.

עס האָבן זיך דערהערט דריי פייפן און אַ באַפעל מיט אַ ווילדער שטום: „אויפשטיין זאָו הונדע! צום אַפּעל!" מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן דער טאָג פון 22־טן יוני 1941 און דער גורל־וועג פון וועלכן טויזנטער זיינען שוין מער נישט צוריקגעקומען. דאָס איז געווען צומאָרגנס נאָך אונדזער אָנקום אינם פּויזנער „אַרבעטס־לאַגער" אייכוואַלדאו (דעמבניקי). פינף הונדערט יידן זיינען געלאָפן נישט־טויט, נישט־לעבעדיק; אַ טייל באָרוועס, ווייל זיי האָבן נישט באַוויזן אָנצוטאָן די שיך, אַ טייל — מיט הויזן אין די הענט און אַלע מיט שרעק אין די אויגן. אויפן גרויסן הויף זיינען שוין געשטאַנען דער לאַגער־פירער אין אַ שוואַרצן ס. ס. מונדיר און מיט אַ שטעקן אין האַנט, נעבן אים — דער וואַך־פירער מילער, ווי מיר האָבן אים באַלד אַ צונאָמען געגעבן, דער „שד־כיע".

אין „באַגלייטונג" פון קלעפּ מיטן שטעקן און קאָפּעס מיט די פיס פוןביידע רוצחים, האָבן מיר זיך, אויפן באַפעל, אויסגעשטעלט צו פינף אין אַ ריי. נאָך אייניקע מאָל איבערציילן און פאַרשרייבן איז געקומען די קאָמאַנדע אין דער באַקאַנטער ווילדער שטים: „פרישטיק האָלען!"

ביי דער קיך האָט זיך שוין געטומלט. מען האָט געטיילט יעדן איינעם אַ ביסל שוואַרצע ערזאַץ־קאַפע. אויף ברויט מוז מען צוואַרטן. עס איז אָקאָרשט אָנגעקומען דער קוכער־וואָגן. צוואַנציק מאַן בערך זיינען אויסגעקליבן געוואָרן דורכן פּוילישן ציוויל־קוכער, זיי זאָלן אים העלפן אַריינטראָגן דאָס ברויט אין מאַגאַזין. בשעת דער אַרבעט האָט דער קוכער זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, צי עס איז דאָ ווער פון די דייטשע מחבלים און פאַרטרויט אונדז אַ געהיימניס: „כלאָפּצי, נאַ ווסכאָדזיע מאַצנאָ סטרזשעלאַיאָן!" (אויפן מזרח שיסט מען שטאַרק) און צוגעגעבן, אַז נעכטן האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און ראַטן־פאַרבאַנד.

די ידיעה האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט צווישן עולם יידן און יעדער האָט דאָס קאָמענטירט אויף אַן אַנדער אויפן. דער רוב האָט געהאַלטן, אַז אין משך פון אַ פּאָר וואָכן וועט „פּאָניע” מאַכן פון היטלערן אַש און שטויב. און דאַן, פאַרשטייט זיך, פאָרן מיר צוריק אַהיים. אַנדערע ווידער האָבן אויסגעדריקט זייער צווייפל „ווער ווייסט ווי לאַנג דאָס וועט דויערן?” פאַר אַלעמען איז גלייכצייטיק קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס מען האָט אונדז אַזוי פּלוצים און איילִיק געבראַכט אין לאַגער אַריין.

אין קאָלאָ איז נאָך דאַן קיין געטאָ נישט געווען. אמת, די יידן האָבן נאָר געוווינט אין עטלעכע זייטן־גאַסן, אָבער זיי האָבן געמעגט זיך באַוועגן גענוג פריי: גיין צו און פון דער אַרבעט. די אַרבעטס־פּלעצער האָבן זיך געפונען אין פאַרשידענע פּונקטן פון שטאָט. געווען איז עס צוואַנגס־אַרבעט. אַלע מענער פון 14 יאָר און עלטער, האָבן געמוזט „געבן די פעל”. אויך אַ טייל יידישע פרויען האָט זי נישט אויסגעמיטן. די דאָזיקע גזירה איז אַרויס באַלד אין ערשטן טאָג פון דער אָקופּאַציע, ווי אין פיל אַנדערע שטעט.

האַלב זיבן אין דער פרי האָבן די יידן געמוזט זיין אויפן נייעם מאַרק, אויפן פּלאַץ נאָכן טעאַטער, אויסשטעלן זיך צו פינף אין דער רייע און אַזוי וואַרטן. דאַן זיינען געקומען פאָרשטייער פון ס. ס.־גאַרניזאָן, פון די האַלב־מיליטערישע פאָרמאַציעס ווי: נ.ס.ק.ק. (נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער קראַפטס־קאָרפּוס), ס.א., ד.א.ל. און ציווילע דייטשן, באַשעפטיקטע אין מיליטערישע און קאָמונאַלע אַמטן. עס האָבן אויך נישט געפעלט פוילישע אונטערלעקערס און מיטהעלפערס. יעדער פון די „איבערמענטשן”, האָט אויסגעקליבן אַ צאָל יידן, וויפל ער האָט באַדאַרפט און אַוועק.

פאַרנאַכט האָבן די יידן זיך אומגעקערט אין זייערע שטובן. אין אָנהויב האָט מיט דער צוואַנג־אַרבעט אָנגעפירט די שטאָטישע זשאַנדאַרמעריע, שפּעטער איז די זאָרג אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער יידישער געמיינדע. זי האָט עס אַזוי איינגעאָרדנט, אַז נאָר דריי מאָל אין דער וואָך האָט יענער איינער געמוזט זיך שטעלן. סוף־כל־סוף מוז מען דאָך עפּעס טאָן פאַר זיך אַליין, כדי צוציען חיונה. די פאַרקלענערונג פון די צאָל צוואַנגס־אַרבעטס־טעג, איז נאַטירלעך אויסגעפועלט געוואָרן פאַר אַ גוטן שוחד.

אויך אין די שווערע פאַרקנעכטונגס־טעג איז מען נישט פּטור געוואָרן פון די מאַכט־שיקאַנעס. מיר האָבן זיך אָנגעליטן פּונקט ווי אַלע שטעט און שטעטלעך פון „וואַרטעגאַו”.

אַ פּאָר ווערטער וועגן סאַמע אָנהויב.

די אויסזידלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קאָלאָ, פון דער פאַרמעגליכסטער שיכט, וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין איזשביצא לובעלסקאַ, איז פאָרגעקומען ענדע 1939. דערנאָך — אין דער צווייטער רייע — זיינען אַרויס־

געשיקט געוואָרן נאָך 500 נפשות אין אַ דאָרף, 18 קילאָמעטער ווייט פון קאָלאָ.

די יידישע געשעפטן זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צו באַלטישע דייטשן. פון די גרויסע הייזער און שיינע וווינונגען האָט מען גלייך אין אָנהויב באַזייטיקט אַלע יידן. די באַציונג איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער, ברוטאַלער: עס איז נישט דערלויבט געווען, אַז יידן זאָלן גיין אויפן טראָטואַר, זייער וועג — דער ברוק פון גאַס, דאָרט ווו פערד ציען די וועגענער. אַלע זיינען אויך פאַרפליכ־טעט געוואָרן צו טראָגן געלע אַרעמבענדער אויף דער לינקער האַנט. דערנאָך — אַ געלן מגן־דוד אויף דער ברוסט און אויפן רוקן. עס איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן צו באַטרעטן געשעפטן פון פאָליאַקן אָדער דייטשן. לעבנסמיטלען האָט מען געמעגט איינקויפן נאָר אין גמינע־קאָאָפעראַטיוו (קהילה).

די גמינע אַליין האָט אויך נישט געלעקט קיין האָניק: זי האָט געמוזט צושטעלן יעדן מעת־לעת אַנדערע צוויי יידישע ערובניקעס. אין דער זעלבער צייט האָט מען אַרעסטירט אַלע לערער און אינטעליגענטן, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין שטאָט. די לערער, די וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, האָט מען געכאַפּט און פאַרשיקט ערגעץ־ווו, אָדער זיי געשאָסן עפנטלעך, כדי אָנוואַרפן אַן אימה־פסיכאָזע אויף אַלע יידן. דער רוב פון דער יוגנט איז גלייך אַוועק אין די מזרח־געביטן, ווו ס׳האָבן אַריינמאַרשירט די רוסן, און די פאַרבליבענע האָבן געלעבט פון שווארצער אַרבעט, אָדער געווען באַשעפטיקט אין דייטשע פערמעס אַלס טרעגער און פאַכמענער. אַזוי האָט עס געדויערט ביז יוני 1941.

אין יענעם יאָר, פון פסח אָן, האָבן געצויגן מאָטאָריזירטע דייטשע מיליטער־איינהייטן דורך אַלע שליאַכן און שאָסייען פון אונדזער געגענט, זייער רעש האָט זיך געהערט אָן אויפהער, בייטאָג און ביינאַכט. אַלע זיינען זיי געגאַנגען אין דער ריכטונג פון וואַרשע. מען האָט זיך אויף עפּעס געריכט, אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס דאָס באַדייט, פאַר וואָס ס׳ציט אויף מזרח אַזאַ ריזן־אַרמיי? מאָנטיק דעם 16 יוני 1941 זיינען אַלע יידישע מענער פון שטאָט צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין הויף פון אַרבעטס־אַמט. יעדער איינער איז פאַרשריבן געוואָרן אין אַן אַרבעטס־ליסטע און געגאַנגען צוריק אַהיים — מען איז אָפּגעקומען בלויז מיט אַ שוידער, וואָס איז אַדורך איבערן לייב. אָבער אין צוויי טעג שפּעטער איז געקומען דער פּתרון: מיטוואָך איז געקומען פון פויזן דער שעף פון ד.א.ף., דער נאַצי נוימאַן, וועלכער איז געווען דער הויפּט קאָמאַנדיר פון די יידישע אַרבעטס לאַגערן, און מיט אים — לאַסט־אויטאָס און אַ באַדייטנדע צאָל שוץ־פּאָליציסטן. זיי זיינען אַוועק צו דער יידישער געמיינדע און געפאָדערט נייע 300 אַרבעטער. אַ טראַנספּאָרט פון 210 מאַן, איז אַוועק קיין פויזן אין לאַגער שטיינעק (קאמינקא).

פון דעמאָלט אָן האָבן די פאַרבליבענע יידן אין שטאָט שוין פון קיין מנוחה נישט געוווּסט. פרייטיק האָט מען ווידער גערופן צו אַ נייער רעגיסטראַציע. די

פאַרזאַמלטע זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשן און מען האָט זיי אָפּגעפירט אין בית־מדרש *.

וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט יענעם שבת פאַרן בית־מדרש, שטייגט איבער אַלע ביז איצטיקע שוידערלעכע מעשים. דער דערמאָנטער נוימאַן און זיינע געהילפן זיינען אַרומגעלאָפן ווי פאַרווילדעט, געשלאָגן און געשאָסן, נישט שוינענדיק קיין פרויען און קינדער, וועלכע זיינען געקומען זיך געזעגענען, אָדער מיטגעבן זייערע נאָענטע אַ פּעקל שפּייז־פּראָדוקטן. נישט געקוקט אויף דער טויט־געפאַר האָבן מאַמעס און קינדער נישט געוואָלט אָפּטרעטן. די געוויינען און געשרייען האָבן זיך געהערט אין אַלע גאַסן, ווי זיי וואָלטן איינגעוויקלט דאָס שטעטל אין אַ וויי־געשריי. נוימאַנס באַנדע האָט אויפגעלאָדן 250 מענטשן און זיי אַוועקגעפירט **.

אַ קליינער טייל, עטלעכע צענטליק יידן, פאַר וועלכע עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ אין די אויטאָס, זיינען פאַרבליבן אין שטאָט, מיר האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן שוין נישט וויסן פון אויסזידלונג. אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען זיי געבראַכט צו אונדז אין לאַגער. צוזאַמען מיט זיי — הונדערטער יידן פון טורעק, אונעיוו, איזשביצא־קויאַווסק און פּשעדעטש ביי וולאָצלאַוועק.

די פּויזנער לאַגערן האָבן זיך פּאַקטיש אָנגעהויבן אין פּסח 1941, ווען די נאַציס האָבן אַהערגעבראַכט די ערשטע טויזנט יידן פון לאָדזש און אָזאָרקאָוו און זיי איינלאָקירט אין פּויזנער לאַגער „סטאַדיאָן". דאָ האָט פונקציאָנירט די הויפּט־קאָמאַנדע, די צענטראַלע פון אַלע יידישע ציווילע צוואַנגס אַרבעטס־לאַגערן פון פּויזנער אומגעגנט.

די מאַסן־אויסזידלונגען, וועלכע האָבן זיך דאָן אָנגעהויבן אין אַ שטאַרקן טעמפּא, זיינען געווען — ווי מען האָט שפּעטער דערקלערט — אַ פּועל־יוצא פונם פּחד, וואָס איז באַפאַלן די היטלער־חיות ערב דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה. כדי צו פאַרשטאַרקן די זיכערקייט, האָבן זיי אָפּגערייניקט דאָס הינטערלאַנד פון יידן, וועלכע וועלן אפשר העלפן דעם שונא.

*

פּויזן, אייכנוואַלדאו, פון 22 יוני 1941 און ווייטער. — שווערע, פאַרמאַטערנדיקע אַרבעט. דער וועג צו דער בוישטעלע — 18 קילאָמעטער. אַהין און צוריק — האָט מען געמוזט גיין צו פוס. דאָס עסן — אַ וואַסערדיקע זופּ און אַ שטיקל ברויט. מוראדיקע קלעפּ פון די דייטשע און פּוילישע שאַכטמייסטערס און פאַכאַרבעטער. אומאויפהערלעכע שיקאַנעס מצד די פּוילישע וואַכמענער, וועלכע האָבן אונדז

* וועגן דעם פאַל גיט אויך איבער יעקב שולץ.

** נוימאַן איז דערקאָנט געוואָרן אין האַמבורג אין 1947, אַרעסטירט געוואָרן דורך די ענגלענדער. די פּוילישע מאַכט האָט אים פאַרמשפּט צום טויט, אים עפנטלעך אויפגעהאַנגען אין פּויזן.

געפירט צו דער אַרבעט. די אויפזיכט איבער די לאַגערן האָט געהאַט „די וואַך און שליס געזעלשאַפט פון פויזן״, אָנגעפירט פון קאָמענדאַנט שליווינסקי, דער ברודער פון געוועזענעם פוילישן בירגערמייסטער. אויך די וואַכמענער, ווי זייער עלטסטער, זיינען געווען לרוב פאָליאַקן, געוועזענע מיטגלידער פון דער פויזנער נ. ד. * פאַרטיי.

אין לאַגער — שמוץ, לייז און פאַרשידענע פייניקונגען, טויט־שלאָגן — די אַלע סימנים האָבן עדות געזאָגט, אַז מיר זיינען פאַרמשפּט אויף פאַרניכטונג. אויך די וווינונגען, האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה — דער בנין אין וועלכען מיר האָבן „געוווינט״ — אַ צעבראָכן הויז, לשעבר אַ געפאַנגען־לאַגער פאַר ענגלענדער, לעבנדיק אין אַזעלכע באַדינגונגען איז, פאַרשטענדלעך, אַ תל געוואָרן פון די 700 לאַגער־יידן. די ערשטע צוויי קרבנות פון דער בושעווענדיקער דיזענטעריע, זיינען געווען די קאָלער יידן: צארנדארף (דעם בלינדן יעקב׳ס זון) און משה יודקאוויטש.

אין עטלעכע וואָכן אַרום זיינען דריי יידן פון לאַגער פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. די ערשטע עקזעקוציע איז אויסגעפירט געוואָרן דורך הענגען. דער „חטא״ פון לאַגעריסט האַלטער פון כאָדעטש, איז געווען זיין אַוועקגיין פון דער בוישטעלע, כדי צו קויפן אין קיאָסק אַ פעקל ערזאַץ־האָניק, די זינד פון די אַנדערע צוויי — דערווייטערן זיך פונם אַרבעטס פלאַץ.

אין אַ שיינעם, זוניקן זונטיק־נאָכמיטאָג, האָט מען צוזאַמענגערופן אייניקע הונדערט לאַגער־יידן און זיי אַריינגעפירט אינם הויף פון הויפט־לאַגער „סטאדיאָן״. דאָרט איז שוין געשטאַנען צוגעגרייט אַ תליה. צום „ספּעקטאַקל״ זיינען איינגעלאַדן געוואָרן געסט, פאַרשטייער פון פאַרשידענע דייטשע אָרגאַניזאַציעס. זיי זיינען דערשינען אין די מונדירן פון פאַרשידענע פאַרבן: גרוי, ברוין, גרין און שוואַרץ. עס האָבן אויך נישט געפעלט ציווילע, און בראש כולם — באַוואָפענטע געסטאַפּאָ (ס. ד.).

די דריי יידן האָט מען צוגעפירט צו דער תליה. אינזשיניר נוימאַן האָט געבראַכט די שטריק און דריי יידישע לאַגער־פּאָליציסטן האָבן געמוזט פאַרלייגן די פּעטליעס — אויפהענגען זייערע אייגענע ברידער. די צוזאַמענגערופענע לאַגעריסטן האָבן געמוזט אונטער אַ האָגל פון קלעפּ, אַרומלויפן אַרום דער תליה, מיטן פנים צו די געהאָנגענע און די געסט האָבן שמייכלענדיק זיך צוגעקוקט צו דעם סאַדיסטישן גרויל־בילד.

---

* ענדעציע — אַ פּוילישע שאָוויניסטישע פּאַרטיי, אָרגאַניזירט לויטן מוסטער פון די היטלעריסטישע נ. ס. ד. א. פּ. נאָך פאַר דעם קריג האָבן זיי אָרגאַניזירט אַן אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, דורכגעפירט איבערפאַלן אויף יידישע סטודענטן פון הויכשולן, אויך מעשה פשיטיק, ברעסט איז זייער אַרבעט. אין זייערע צייטונגען האָבן זיי געשטיצט היטלערס פּאָליטיק.

*

אַזוי האָבן זיך געצויגן טעג, ווי גיפטיקע שלאַנגען, טעג פון צער און צאָרן. זיי האָבן אַרויפגעלייגט זייער טיפן סטעמפּל אויף אַלעמען, דערשטיקט יעדן פרייהייט און האָפנונגס געפיל, די גזירות זיינען געוואַקסן אָן אויפהער. נאָך קאַרגע צוויי חדשים, ווידער אַ נייעס: דער געסטאַפּאָ־דאָקטאָר זיבערט * איז געקומען צו אונדז, כדי אַדורכצופירן דעם ערשטן „ריקטראַנספּאָרט" (סעלעקציע), מיט אַ שווינדלערישן צוזאָג האָט ער אָפּגענאַרט די קראַנקע און שוואַכע, אַוועקשטעלנדיק אויפן טאָג־אָרדנונג די פראַגע: „ווער וויל פאָרן אַ היים?" און ווער פון די פאַרשמאַכטע האָט דאַן נישט געוואָלט זיין „קראַנק" און „שוואַך"? ווער האָט נישט געוואָלט, נאָך חדשים־לאַנגער צעשיידונג מיט נאָענטע און טייערע, זיי ווידער זען? עס איז דעריבער קיין ווונדער נישט, וואָס גרויס איז געווען די רשימה פון די קאַנדידאַטן, אָבער נישט אַלעמען האָט דער דאָקטאָר אַ „טובה" געטאָן. פון אַ טייל האָט ער זיך געלאָזט „אונטער קויפן", גענומען גרויסע סומעס געלט (פון די מיטגעבראַכטע פון דער היים און אויסבאַהאַלטענע). מיר זיינען באַקאַנט צוויי מענטשן, אברהם זילבערבערג פון קאָלאָ און זשעלינסקי פון איזשביץ, וועלכע האָבן אים געגעבן אַ גרויסן „פדיון". אָבער דער סוף פון שווינדל איז געווען — פון אַלע פּויזנער לאַגערן האָט ער צוזאַמענגענומען מער ווי הונדערט מענטשן, יינגע אין אַלטע לייט, זיי געהאַלטן אַ קורצע צייט אין אַן איזאָלירט אָרט, פון דעם אַזוי גערופענעם לאַגער־שפּיטאָל, ווו זייערע ליידן זיינען געווען אומבאַשרייבלעך. דאָס איז אָבער נאָר דער פּראָלאָג, עס האָט נישט געדויערט לאַנג און די „לייזונג" איז געקומען: געסטאַפּאָ האָט אַלע „היים־קאַנדידאַטן" אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. ביזן היינטיקן טאָג ווייסט מען נישט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען. צווישן די אומגליקלעך אָפּגענאַרטע האָבן זיך געפונען צוויי פון מיינע נאָענטע קרובים: הערש נטע קינסטלער און ראובן איזראַלעוויטש.

*

די צאָל יידן אין די לאַגערן, איז געוואָרן קלענער און קלענער. די אָפטע עקזעקוציעס, די טראַגישע באַדינגונגען, די נויט — די אַלע געהילפן פון מלאך־המוות, האָבן געטאָן זייער אַרבעט. האַרגענען אַ מענטשן איז געוואָרן אַ פּשוטע דערשיינונג. דער דאַמאָקלעס־שווערד איז געהאַנגען איבער אונדזערע קעפּ און אַראָפּגעלאָזט זיך אויף פיל פון אונדז אָן אַ פאַרוואָס. פאַר בעטלען אַ שטיקל ברויט ביי אַ דורכגייער — טויט־שטראָף, פאַר בעטן ביי עמיצן אַ פּאָר קאַרטאָפל —

---

* ד"ר זיבערט לעבט, ווי מען גיט איבער, אין קעלן אַם ריין. צוזאַמען מיט אים — דער סאַניטאַר פון פּויזנער לאַגער־שפּיטאָל וועגנער, אַ לאָדזשער פריזירער. זיי האָבן אויף זייער געוויסן צענטליקער אומגעקומענע יידן.

קלעפ, פאַר אַוועקגיין אויף אַ ווײַלע פון בוישטעלע — פאַרניכטונג, פאַרן קלענסטן חטא — תליה.

די פרשה זיבערט· איז ווייטער אָנגעגאַנגען. חודש ביי חודש איז ער געקומען נעמען זיינע קרבנות. מען האָט שוין געוווּסט ווּהין ער ברענגט זיינע „געהאַל־פענע", עס איז אָבער שווער געווען זיך אַרויסצודרייען פון זיינע פּאַסטקעס. יעדעסמאָל איז ער געקומען מיט אַ אַנדערן ליגן. די שוואַכע און אָפּגעשטאַנענע, די אַזוי־גערופענע „קלאַפּסידרעס" זיינען שוין געווען גלייכגילטיק.

אין אַ צייט אַרום האָט מען די מענטשן פון אונדזער לאַגער איבערגעפירט אויף אַ נייעם פּלאַץ — אין דער געוועזענער מוּשטאַרדע־פאַבריק „רעמו". די יווינונגס באַדינגונגען זיינען דאָ געווען בעסערע, אָבער דאָס האָט נישט פאַר־מינערט די שטערבלעכקייט. די אַטמאָספער, איז געבליבן ווי זי איז געווען פריער.

פון צייט צו צייט, האָבן אונדז באַזוכט יידישע פרויען פון קאָלאָ, זיי זיינען געקומען צו די מענער. פאַר גרויסע סומעס האָט מען אַרויסבאַקומען אַ „שיין", פּאַפּירן פון אַ קאָלער דאָקטאָר צו פאַרן קיין פויזן „זיך היילן ביי אַ ספּעציאַליסט". פרוי דונקעלמאַן האָט עטלעכע מאָל באַזוכט איר זון אין לאַגער. זי האָט דערציילט, אַז פיל פרויען באַמיען זיך צו ברענגען אַ היים זייערע מענער און קינדער. אינזשיניר נוימאַן האָט גענומען דערפאַר אַ גרויסע מטבע. ווען אַלץ איז שוין געווען פיקס און פאַרטיק און פרוי דונקעלמאַן איז געקומען מאַכן די לעצטע פאָרמאַליטעטן, האָט דער לאַגער־קאָמענדאַנט דערקלערט, אַז די גאַנצע טירחה איז אומזיסט. עס איז פאַראַן אַ באַשלוס, אַז אין קורצן וועלן אויך די פאַרבליבענע יידן אין קאָלאָ אויסגעזידלט ווערן.

דער דערמאָנטער באַשלוס האָט געהאַט אַ צוזאַמענהאַנג מיטן באַזוך פון וואַרטעגאו־גאולייטער אין קאָלער ראַיאָן. מען האָט מיר דאַן געשריבן פון קאָלאָ, אַז עס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ רעגיסטראַציע פון אַלע יידן, אָן אויסנאַם. פאַרן קלויסטער איז געזעסן אַ קאָמיסיע און פאַרשריבן דאָס לעצטע רעשטל רעכטלאָזע מענטשן. מען האָט זיי געטיילט בוכשטאַבן: א, ב, צ, א.אַ.וו., וואָס? ווער? ווען? קיינער האָט נישט געוווּסט „מי לחיים ומי למות?"

*

וויאַזוי איז קאָלאָ געוואָרן יידן־ריין?

שבת, דעם 10־טן דעצעמבער, 8 אַ זייגער אין דער פרי, האָבן זיך באַוויזן ביי די יידישע הייזער אָפּטיילונגען פון געסטאַפּאָ ס. ד. איינזאַץ־קאָמאַנדאָ. זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסיאָגן די איינוווינער לויטן סדר פון די באַקומענע בוכשטאַבן. אויף די אַרויסגעטריבענע האָבן שוין געוואַרט אויטאָס.

דאָסמאָל, נישט ווי ביי די אַלע פריערדיקע אַקציעס, איז די „ווישעדלעניע" אויסגעפירט געוואָרן דורך אויסערלעכע מחבלים. די אַרטיקע האָבן, אַזוי צו זאָגן,

בלויז אַכטונג געגעבן אויף דער אָרדנונג. די אָרטיקע, אונטערגעקויפטע דורך די געמיינדע־מיטגלידער, האָבן געטרייסט זייערע „קליענטן”, אַז דאָס לעצטע ביסל וועט געבראַכט ווערן קיין כעלמנא און פון דאָרט וועלן זיי געפירט ווערן אויף לאַנד־אַרבעט אין די אָקופּירטע מזרח־געביטן. פאַר אַ גוטער באַלוינונג, האָבן זיי, נאַטירלעך, אויסגעפּועלט, אַז די גמינע־לייט זאָלן גיין דעם לעצטן טאָג, דאָנערשטיק אָדער פרייטיק. ווען די גמינע האָט געוואָלט מיטשיקן, גלייך דעם ערשטן טאָג, אַן אייגענעם מענטשן, משה־מאטע אַלס טראַנספּאָרט־אַכטונגעבער, האָבן פּאָליציי אים צוריקגעהאַלטן, מאָטיווירנדיק, אַז דאָס איז נישט נויטיק. „ביי אונדז ווערט אַלעס געמאַכט מיט דער בעסטער אָרדנונג”, האָבן זיי געזאָגט. אַ נאַכט פאַרן אָפּפאָר האָט די גמינע איינגעאָרדנט אַ באַל פאַרן אָרטיקן פּאָליציי־קאָמענדאַנט און פאַר די הויפּט־מאַכערס, אָרטיקע דייטשן. די לעצטע האָבן צוגענומען די מתנות און דערפאַר צוגעזאָגט, אַז די יידישע גמינע וועט בלייבן אין כעלמנא, ביים ביז איצטיקן צוזאַמענשטעל, יעדער אויף זיין אַמט. אַזוי פאַרבלענדט איז מען געוועזן ביז צום סוף...

*

אין פעברואר 1942, איז אין די לאַגערן אויסגעבראָכן אַ גרויזאַמער פלעקן־טיפוס, וואָס האָט איינגעשלונגען אַ העלפט פון די אָנגעטריבענע. נוימאַנס טויט־פאַבריקן האָבן טאָג־טעגלעך צוגעשטעלט קרבנות פאַרן קרעמאַטאָריום, וואָס איז איינגעריכטעט געוואָרן אין אַ פּויזנער פאָרשטאָט. דער שגץ וואַצעק האָט אויף זיין מיסטוואָגן, געשפּאַנט מיט צוויי ווייסע פערד, נישט באַוויזן אַרויסצופירן אַלע טויטע.

זומער 1942, האָט געסטאַפּאָ אָפּגעלייגט אַ פּלוצימדיקן וויזיט אין „רעמו”־לאַגער. אַ מסירה, אָדער אַ צופאַל? נאָך דער רעוויזיע האָבן זיי מיטגענומען דעם יידן־עלטסטן, זיין פאַרטרעטער, צוויי יידישע פּאָליציסטן, דעם פּוילישן לאַגער־פירער, דעם קוכער און צוויי וואַכמענער — די לעצטע דריי זיינען געווען פּאָליאַקן. עטלעכע וואָכן זיינען זיי געפּייניקט געוואָרן אין קעלער אויף ריטער־שטראַסע און אין דער פעסטונג „7־טע פאָרו”. די פיר פּאָליאַקן האָט מען באַפרייט און די פיר יידן — לתליה. יידישע פּאָליציסטן האָבן זיי עפּענטלעך אויפגעהאָנגען אויפן „סטאַדיאָן”־פּלאַץ. די נעמען פון די אומגעקומענע: קויפמאַן מיכאלאוויטש, אייזיק וואלקאוויטש (קאלא), איציק ענגל (טורעק), משה יוסף שאפּינסקי (איזשביץ).

*

די לאַגע איז געוואָרן וואָס ווייטער, מער קאַטאַסטראָפאַלער, מיר האָבן באַשיינפערלעך געזען, אַז מיר אַלע קוילערן זיך צום אָפּגרונט. די שטערבלעכקייט גייט מיט ריזן־טריט און פון די גרויסע לאַגער־מחנות ווערן קליינע הייפעלעך. צו אונדזער גרויסער שאַנד האָט דערצו גורם געווען אויך אַ טייל פון דער

יידישער לאַגער־אַדמיניסטראַציע. מיט קלעפּ און שיקאַנעס האָבן זיי פאַרענדיקט די נאַצישע אַרבעט (דער רוב איז אומגעקומען אין אוישוויץ).

אין דער פאַרקלענערונג פון דער צאָל מענטשן אין די לאַגערן דורך די ליק־ווידירונגס־אַקציעס, ליגט די סיבה פון דעם צונויפגיסונג פון צוויי לאַגערן אין איינעם. די געשאַפענע לאַגע, די בליץ־שנעלע פאַרקלענערונג פון דער צאָל מענטשן, האָט אויך געעפנט די אויגן ביי די היטלער־חיות: עס דראָט זיי אַ געפאַר צו בלייבן אָן אַרבעטס־הענט... און זיי האָבן אָנגעהויבן געבן מער פּראָדוקטן. מען האָט געגומען קאָנטראָלירן די יוצר־משרתים אַרום אונדז, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן אַראָפּגעגנבעט פון עסן, זיך צעטיילט מיט די הכנסות און געלאָזט יידן אויסגיין פון הונגער.

*

אין מערץ 1943 זיינען צונויפגעזאַמלט געוואָרן פון אַלע פויזנער לאַגערן די שוואַכע אין אָפּגעשטאַנענע און געבראַכט זיי אין „רעמו״־לאַגער. צוויי וואָכן האָט מען זיי דאָ געהאַלטן און אָפּגעשיקט קיין לאָדזש. דער טרויעריק־באַרימ־טער יידן־עלטסטער רומקאָווסקי, האָט זיי נישט געוואָלט צונעמען. ס'זיינען אַריינגעלאָזט געוואָרן יחידים, וועלכע האָבן געהאַט גאָר נאָענטע קרובים אין געטאָ. אַלע אַנדערע זיינען טראַנספּאָרטירט געוואָרן אין גרויסן גיהינום — אוישוויץ.

*

אונדזער לאַגער איז אויפגעלעזן געוואָרן. די נאָך קרעפּטיקע און אַרבעטס־פעאיקע, האָט מען איבערגעפירט אין קליינע לאַגערן. אין דער באַציונג צו די יידישע לאַגעריסטן, פאַרשטייט זיך, איז נישט פאַרגעקומען קיין שום ענדערונג, די לאַגע האָט זיך נישט פאַרבעסערט. די, ביי וועלכע ס'האָט נאָך געטליעט אַ פונק פון האָפענונג, האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן: וואָס עס וועט זיין זאָל זיין! דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן פאַרגרעסערט די צאָל קרבנות. כמעט אַלע זיינען געכאַפּט געוואָרן, ווייל אויף אַלע וועגן האָבן זיי אָנגעטראָפן יידן־פיינט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. די געשטרויכעלטע האָט מען צוריקגעברענגט אין לאַגער און זיי עפענטלעך געהאָנגען. נישט געווען וווהין צולויפן און ווו זיך צו ראַטעווען. די געגנט אַרום איז שוין געווען „יודנריין״, אויף שריט און טריט לויערן שפּיצלעס, פּוילישע און דייטשע. אַ אויסגעמאַטערטער לאַגעריסט, אָנגעטאָן אין צעדריוולטע בגדים, מיט אַ אָפּגעגאָלטן קאָפּ, איז דאָך לייכט צו דערקענען. נאָר צוויי קאָלער יוגנטלעכע — קורצטאַג און קוצער — איז געלונגען צו אַנטלויפן און זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין קאָלאָ ביז צו דער לעצטער אויסזידלונג. ביים אַנטלויפן־פּרווו פון דער נייער פאַסטקע זיינען זיי דערשאָסן געוואָרן.

צווישן די אַנטלאָפענע פון לאַגער, זיינען געווען: הערש טשאַן (מען האָט מער פון אים נישט געהערט); דער יינגסטער זון פון דער פאַמיליע דייטש (אַן איידעם פון גבריאל גאצמאַן) — ער האָט שפּעטער געלעבט אין ראדאם

אַלס קריסט, געאַרבעט אין אַ טישלער־פאַבריק און דאָך נישט געבליבןביים לעבן;
אברהם ניימילער איז אַנטלאָפן פון שטיינעק, אָנגעקומען קיין לאָדזש און
אויסבאַהאַלטן זיך ביז צום סוף (היינט — אין ישראל). צווישן די דורכגעפאַלענע
איז געווען אַ־יך איינער פון די ברודער איזשביצער. מען האָט אים געכאַפּט,
צוריקגעבראַכט אין לאַגער און פאַר זיין „חטא" האָט אויך זיין ברודער באַצאָלט
מיטן לעבן — מען האָטביידע צוזאַמען אויפגעהאָנגען.

*

אינם לאַגער שווייניגען (סוואַרזשאַנץ), פּויזנער קרייז, האָט געווילדעוועט
אַ דייטשער לאַגערפירער, אַ שרעקלעכער סאַדיסט. פאַר משתין זיין ביינאַכט
הינטער אַ בוים, אָדער לעבן פאַרקאַן, פלעגט ער באַגראָבן דעם געכאַפּטן אין אַ
גרוב, ביז צום האַלדז, און אים געהאַלטן דאָרט 10 שעה. זעלטן־זעלטן ווען עמיצער
איז אַרויס פון דער גרוב אַ גאַנצער. אויסהונגערן און קלעפּ — זיינען געווען ביי
אים די לייכטסטע שטראָף. ער איז אויך געווען דעם טורקער שוחטס מלאך
המוות: איינמאָל, נאָך אַ שווערן אַרבעטסטאָג, וואָס איז באַגלייט געוואָרן ווי
געווענטלעך מיט קלעפּ, האָט דער דערמאָנטער שוחט זיך דערוויטערט פון דער
ווישטעלע. מען האָט אים געכאַפּט און געבראַכט אין לאַגער אַריין. אין יענעם
טאָג איז פונקט פאָרגעקומען אַן אַנטלויזונג — אַ דיזענפעקציע. אין הויף איז
געשטאַנען אַ גרויסער דאַמף־קעסל אויף פיר רעדער און דאָרט האָט מען
דיזענפעקצירט די קליידער. דער סאַדיסטישער נאַצי האָט דעם יונגן שוחט געהייסן
זיך אויסטאָן נאַקעט, אים אַריינגעוואָרפן אינם קעסל און די טיר פאַרמאַכט.
צומאָרגנס האָט מען פונם קעסל אַרויסגענומען שטיקער פון אַ צעפאַלענעם
גוף. (עדות פון דעם פאַל געפינט זיך אין חיפה).

*

אין פּויזן און אומגעגנט זיינען אויך געווען פרויען־לאַגערן, די אכזריות
האָט אויך זיי נישט אויסגעמיטן. אומעטום, איז אָנגעווענדעט געוואָרן דער דייטשער
פּרינציפּ: „אַרבעט ווי לאַנג דו קענסט, דערנאָך — קראַפּיר!" ווען עס זיינען צו
אונדז דערגאַנגען ידיעות, אַז אין די פרויען־לאַגערן „מאַלטאַ" און „סעזאַן" ווערן
פרויען געפּייניקט, האָט עס מער ווי געטאָן פון אייגענע עינויים. מיר האָבן
צופעליק באַגעגנט עטלעכע פרויען. זיי האָבן געהאַט די געלעגנהייט אויסצוגיסן
פאַר אַן אייגענעם, זייער ביטער האַרץ, אָבער נישט מעגלעך געווען זיי צו העלפן.

דער לאַגער־פירער וואַפּנער, פון פּאָרט ראַדזשיבויל, האָט די פרויען
לאַגעריסטקעס, וועלכע האָבן זיך „פאַרזינדיקט", אויסגעטאָן נאַקעט. אַלע פרויען
האָבן געמוזט שטיין דערביי, בעת ער האָט מיט אַ רימען, אָדער שטעקן געשמיסן
איבערן נאַקעטן לייב פון אַן עלטערע פרוי, אָדער מיידל. אַזעלכע סאַדיסטישע
מעשים זיינען נישט געווען קיין זעלטנהייט.

זומער 1943. די דייטשע מאַכט האָט באַשלאָסן צו ליקווידירן די פּויזנער

לאַגערן. עס קאָן זיין, אַז דער גורם דערצו איז געווען דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. אונדזער גרופּע איז געשיקט געוואָרן פון לאַגער צו לאַגער, ביז מען איז פאַרשטעקט געוואָרן אין דער פירמע „האמאן״. געאַרבעט ביים גראָבן גריבער און קאַנאַליזאַציע רעזערוואַרן פאַר פויזן. די פוילישע פאַך־אַרבעטער און מייסטערס האָבן געזאָגט, אַז דאָ פאַרבלייבן מיר שוין ביז ענדע קריג, ווייל מיר טוען אַ זייער וויכטיקע אַרבעט. אַ פּאָר טעג נאָך תשעה־באב, האָט מען אונדז ווידער געהייסן איינפּאַקן די חפצים און געוויזן דאָס געפּעק. נאָך „שבת נחמו״ האָבן געסטאַפּאָ, ס. ס. און אַנדערע מחבלים, באַוואָפנטע און באַגלייטעט פון שפּיר־הינט, אונדז געפירט צום פויזנער באַנהויף.

דעם וועג, 6 קילאָמעטער, זיינען מיר געגאַנגען צו פוס, באַלאָדנט מיטן געפּעק און באַגלייט מיט קלעפּ. פיל זאַכן האָט מען אַוועקגעוואָרפן, ווייל עס האָט אויסגעפּעלט כוח צו לויפן מיטן געפּעק. אייניקע מאָל האָבן די נאַציס אויסגעשאָסן, כדי אונטערצוטרייבן די מידע. אַזוי איז אויפן וועג צווישן אַנדערע געפאַלן דער אזארקאווער ייד פאַרזשענטשעווסקי. מיטן מאַרגנגרוי זיינען מיר אָנגעקומען אויפן אָרט און גלייך אַריינגעטריבן געוואָרן אין די וואַגאָנעס. יעדע שעה האָט מען געבראַכט פון אַן אַנדערן לאַגער אַ טראַנספּאָרט יידן, צווישן זיי אויך פרויען. פאַרטאָגס האָט דער צוג געריירט אין דער ריכטונג פון אוישוויץ (אָשוויענצים).

דערמיט האָט זיך געענדיקט דאָס טרויעריקע קאַפּיטל „פויזנער לאַגערן״, ווו עס האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות טויזנטער יידן — אַלטע און יונגע, פרויען און מענער, זקנים און קינדער. זייער ווייניק זיינען פאַרבליבן ביים לעבן. זאָלן די לעבנגעבליבענע דערמאָנען מיט דאַנקבאַרקייט די יידן פון לאַגער־אַדמיניסטראַציע, וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן צו העלפן זייערע מיטליידנדע.

דער ווייטער גורל און גרויל־וועג איז געווען לאַנדעסבערג, אוישוויץ, בירקענאו, יאווארזשנע, דערנאָך דער טויטן־מאַרש דורך גרויסראזן, בוכנוואלד און די ענדלעכע באַפרייונג. און דאַן — נאָך דער באַפרייונג — נייע צרות אַלס ד. פּ., דאָס פלאַגן זיך אויף וועגן און שטעגן, מאַטערנישן אין די נאָך מלחמהדיקע לאַגערן, ביזן פאַרלאָזן די טמאדיקע ערד פון היטלערס מערדער־רייך.

ווו נעמט מען כוח דאָס אַלעס צו באַשרייבן ? קען מען דען געפינען ווערטער דאָס אַלץ איבערצוגעבן ?

*

ביזן סוף פון די פויזנער לאַגערן האָב איך, מער ווייניקער, נאָטירט די פּאַסירונגען לויט אַ כראָנאָלאָגישן סדר. פון די ווייטערדיקע צרות וועל איך פאַרצייכענען נאָר איינצעלע עפּיזאָדן, פראַגמענטן פון קאַשמאַר־בילדער. שווער צו גלויבן, אַז מ׳האָט דאָס אַלץ אַליין מיטגעמאַכט.

ווען איך דערמאָן זיך וועגן באַקאַנטע קאָלער יידן, וועלכע האָבן אויסגע־

הויכט זייערע נשמות אין פּיין, וועגן זייער ברודערשאַפט, קומט מיר אויפן זיכרון דער טראַגישער טויט פון די צוויי קאָלער „עמך"־מענטשן: יעקב־לייב טשייניאַק און משה עימאַן.

עס איז געווען אין יאָר 1942. אין לאַגער אייכנוואַלדאו, אין פּויזן. אַהין האָט מען געשיקט די אָפּגעשטאַנענע פון די לאַגערן, זיי זאָלן דאָרט „ענדיקן". יעקב־לייב טשייניאַק און משה עימאַן, זיינען געלעגן צוזאַמען אויף אַ פּריטשע. אין זייערע לעצטע מינוטן האָבן זיי זיך געטוליעט כדי צו דערוואַרימען זיך אינם פראָסטיקן טאָג. צוזאַמענגעפּלאָכטענע זיינען זיי אויסגעגאַנגען, צוזאַמענגעפרוירן געוואָרן אין איין שטיק. אַ זעלכע גרויזאַמע בילדער זיינען געווען נישט ווייניק.

## פון אַ גאַנצן לאַבן ברויט

צום ליכטיקן אָנדענק פון תנחום דאַנילעוויטש

ער — דערצויגן געוואָרן אין די בונדישע רייען און איך — אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט". צווישן אונדז איז געווען אין די יוגנט־יאָרן אַ גרויסער תהום. היטלער האָט אָפּגעווישט די אידעען־אונטערשיידן, אונדז ביידע אַריינגעפּאַקט אין פּויזנער אַרבעטסלאַגער „רעמר". מיר האָבן נישט געוווינט אין איין צימער, נישט געאַרבעט אין איין קאָלאָנע, אָבער געגעסן (אויב מען קאָן דאָס אָנרופן עסן) פון איין קעסל און געכאַפּט קלעפּ פון דעם זעלבן שפּיצרוט.

ער איז נישט געווען קיין אָנזעעוודיקער — אַ קליינער, שוואַרצער, דאַרינקער, נישט געשטופּט זיך מיט די עלנבויגנס, שטענדיק אין שאָטן און דאָך — שטענדיק האָט מען אים באַמערקט, געזען און געהערט.

ער האָט געלעבט אין שטוב 3, געאַרבעט אין „קאָלאָנע" 21. ווען די „קאָלאָנע" איז געקומען פון דער אַרבעט, איז זיין ערשטער וועג געווען צו דער קוך. נאָך דער זופּ, האָט יעדער איינער זיך איינגעגראָבן אין זיין נאַרע אויף דער פּריטשע, זיך מתיחד געווען מיט זיין פּעקל צרות. מען האָט דאַן געקאָנט באַמערקן, ווי תנחום שלעפּט אַרויס אַ שטיקל פּאַפּיר, אַ פּיצל פון אַ צייטונג, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דער בוישטעלע. ער קוקט זיך אַרום, היט זיך אויס פאַר אַ זייטיק אויג (אויך אַזעלכע זיינען געווען) און נעמט מיט זיין ביישלעפער, אַ שטיקל אינטעליגענט פון די „פּועלי־ציון" (לינקע) שטודירן די צייטונג. צומאָרגנס, ביי דער עבודת־פּרך, וועט ער קענען דערציילן די חברים אַ ביסל גוטע נייעס. שטענדיק האָט ער עפּעס געבראַכט, וואָס האָט אַ קאָפּעטשקע אויפגעפרישט און אויפגעמונטערט. זאָל עס זיין אַפּילו אַ ליגן — האָבן די צוהערער געטראַכט — עס איז אָבער אַן אויפמונטערנדיקער ליגן. פון וואַנען האָט ער די צייטונג? פון וואַנען שטאַמען די ידיעות? — דאָס האָט קיינעם נישט אינטערעסירט. אויף דער

בוישטעלע, ווען אַ טייל האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן די ציווילע שקצים און פּאַכאַרבעטער, כדי צו „פאַרשאַכערן" אַ העמד, האָט מען אויך טיילמאָל זיין קליינע פיגור געזען. צי איז אים געלונגען איינצוהאַנדלען אַ שטיקל ברויט? דאָס איז אַ גרויסער ספק. אַ שטיקל צייטונג — דאָס האָט ער יאָ געבראַכט. די, וועלכע האָבן געאַרבעט אין וואַרשטאַט, אין קוך אָדער פּאָליציי, די האָבן געהאַט מער שפּייז און ממילא געקאָנט מער טראַכטן, האָבן געוווּסט צו ויעמען זיך צו ווענדן נאָך אַ פּאָר גוטע ידיעות וועגן היטלערס מפּלות אויף די מזרח פראָנטן און אַנדערע בשורות. „זאָרגט נישט — האָט ער שטענדיק געטרייסט — מיר וועלן נאָך עסן פון אַ גאַנצן ברויט".

בעת די איבערזידלונגען פון לאַגער צו לאַגער, איז ער געווען איינער פון די ערשטע. מען האָט אים געשיקט אין די ערגסטע פּלעצער. זייענדיק קליין און דאַר האָט די בייטש אים קיינמאָל נישט דערגרייכט. ווי נאָר ער בייסט זיך איין אין נייעם אַרבעטספּלאַץ איז ווידער — ער ברענגט שוין גוטע נייעס. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרלוירן די האָפענונג, ווי מען זאָגט „טויט־הונגעריק, אָבער מוטיק". ווען ער איז אַריינגעפאַלן אין קרייזינג־לאַגער, נעבן פּויזן, האָט זיין ביטחון זיך אַ וואַקל געטאָן. ער האָט זיך דאָרט געמוטשעט אַ קורצע צייט און געשיקט געוואָרן אויף ריקטראַנספּאָרט קיין אוישוויץ.

אין עטלעכע חדשים אַרום, ווען איך בין אָנגעקומען אין טויטן־לאַגער, אין קאַמאַנדאָ יאַוואָרזשנאָ, זע איך — תנחום איז דאָ! ער לעבט! איך וויל מאַכן אַ ברכה „ברוך מחיה מתים" (אין די ערגסטע צייטן איז טיילמאָל געווען אַ ביסל הומאָר), לאַכט ער פון מיר: „דו וועסט זען — זאָגט ער — מ'וועט זיי איבערלעבן און שניידן פון אַ גאַנץ ברויט!"...

אין דעם לאַגער האָט ער זיך „גוט געפילט", געאַרבעט אין קוילן גרובן און געהאַט אַ שטיקל סאַטיספאַקציע. וויפל האָט ער אין די צייטן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט געקעמפט פאַר גלייכבאַרעכטיקונג, אַז יידן זאָלן צוגעלאָזט ווערן צו אַלע מלוכהשע אַרבעטן, אַפילו אין די קוילנגרובנס. „איך בין געוואָרן אַן אַרבעטער אין דער שווער־אינדוסטריע" — האָט ער זיך געוויצלט.

אין אָוונט, ווען זיין קאָמאַנדע איז צוריקגעקומען פאַרשוואַרצט און פאַרפינצטערט פון די טיפענישן, האָבן פון זיין טונקל פּנים אַרויסגעלויכטן זיינע אויגן.

תנחום האָט אַמאָל געבראַכט עפּעס צו פאַרק־יפן: אַ העמד, אַ פּאָר גאַטקעס (פון אייזן פאָר לאַנגע האָט ער געמאַכט צוויי קורצע). אָוועקגעגעבן דאָס העמד פונם לייב פאַר אַ פּאָר שניטן ברויט און דערביי אויך באַקומען אַ שטיקל צייטונג.

אין יאָר 1944, ווען די דייטשע ארמייען האָבן זיך צוריקגעצויגן אויף אַלע פראָנטן, איז ער ממש לעבעדיקער געוואָרן. גאָט אין הימל! פון וואַנען נעמט זיך צו אַזאַ קליין דאַר מענטשעלע, אַזוי פיל כוח, אַזוי פיל גלויבן?!

דעם 16 יאַנואַר ד. י. האָט מען אונדז אַלעמען עוואַקואירט פונם לאַגער. מיטן אָנהויב פון דער רוסישער ווינטער אָפענסיווע האָבן די ס. ס.־לייט אַרויסגעוויזן זייער לעצטע רשעות — געיאָגט די לאַגעריסטן אויף די טרויעריק־באַרימטע טויט־מאַרשן. עטלעכע קאָלער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, געבילדעט אַ פּאָר רייען. צווישן אונדז — תנחום; ער מאַרשירט מיט אַ גאַנצן לאַבן ברויט, וואָס ער האַלט אונטערן אָרעם. ער האָט עס פעסט געהאַלטן, אַזוי ווי זיין חלום האַלט ביים פאַרווירקלעכט ווערן. אַלע ווײַלע זאָגט ער: „חברים, האַלט ענק (זיך), שוין נישט לאַנג!”

מיר האָבן זיך געהאַלטן, ביז דער נאַכט פון 19־טן יאַנואַר 1945, ווען מיר זייגען אַרויס פון די טיפע שנייען און מאַרשירט קיין אויבערשלעזיען, צום לאַגער בלעכהאַמער. די ס.ס. האָבן פון רוגזה און פאַרצווייפלונג זיך געוואָלט אַ שפּיל טאָן מיט אונדז: געיאָגט די פאַרשמאַכטע און פאַרמוטשעטע אָפּגעראַטעוועטע טויזנטער יידן און עס האָט זיי פאַרדראָסן — פאַרוואָס מיר לעבן און די נאַצי־מלוכה גוססט. זיי האָבן געשאָסן אויף די מאַרשירנדע. מיר האָבן דערהערט תנחומס „אוי”־געשריי. אַ מערדערישע קויל האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין אָפּטימיזם און חלום — געפאַלן מיט אַ גאַנצן לאַבן ברויט.

ווען עס זיינען געבראַכט געוואָרן די קערפּערס צו באַגראָבן אין ברודער־קבר, האָט ווער פון די קאָלער אים דערקאָנט. דער מוטיקער אין די ערגסטע צייטן האָט זוכה געווען צו זען דעם ערשטן שיין פון די אויסלייזונג־טעג,




ביום־השנה לחללי־השואה ערב־אזכרה בחיפה — אין יאָר־טאָג פון דער אומגעקומענער קאָלער־קהילה, „יזכור”־אָוונט אין חיפה

# דער אויפשטאַנד אין טויט־לאַגער סאָביבאָר

אין העפט 6 פון דער צייטשריפט „פון לעצטן חורבן״ (אויגוסט 1947), איז פאַרעפענטלעכט די גביית־עדות פון אונדזער בן־עיר יחזקאל מענכע.

א.

איך האָב געוווינט אין קאָלאָ.

חנוכה, תש״א (דעצעמבער 1940), איז ביי אונדז פאָרגעקומען אַן אויסזידלונג אין דער פאָרם פון אַ סעלעקציע און איך בין געווען צווישן די, וואָס מען האָט אַוועקגעשיקט קיין איזשביצע ביים טייך וויעפּש. ביי אַנדערהאַלבן יאָר האָבן מיר אין איזשביצע געוווינט אין דעם צוגעטיילטן ראַיאָן פאַר די יידן. די יינגערע האָבן געמוזט אַרבעטן אין קאָמאַנדעס. אָנהייבנדיק פון 15.4.42, האָט מען פון איזשביצע געשיקט כסדרדיקע טראַנספּאָרטן יידן קיין סאָביבאָר, אַ פאַרניכטונגס־לאַגער ביי וולאָדאַווע, דיסטריקט לובלין. דער לאַגער האָט שוין עקסיסטירט פון אָנהייב 1942. אין איינעם פון די טראַנספּאָרטן בין איך אויך אַריינגעפאַלן צוזאַמען מיט מיינע נאָענטסטע פאַמיליע־מיטגלידער אין אַ צאָל פון 20 פערזאָן.

דער טראַנספּאָרט, מיט וועלכן איך בין געפאָרן, האָט געציילט ביז זעקס טויזנט יידן. אין אַ וואַגאָן פון 15—20 טאָן האָבן די דייטשן אַריינגעשטופּט פון 120 ביז 140 פערזאָן. ביים אָנקומען קיין סאָביבאָר האָבן מיר גלייך געהאַט אַ טרויעריקן קבלת פנים. אַ יידישע קאָמאַנדע, וואָס האָט דאָ געהייסן „באַן־קאָמפּאַניע״ האָט אָפּגעלאָדן די „סחורה״. די אַלע קינדער, אַלטע לייט און געפּעלערטע זיינען געוואָרן אַרויסגעוואָרפן אויף לאָרעס און זיי אָפּגעפירט, ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט מען זיי דאָס אָפּגעפירט צו די גריבער, צום פאַרברענען. דאַן האָבן די דייטשן אַרויסגערופן די געזונטע, יינגערע מענער, די אַזוי גערופענע פעאיקע אַרבעטער. צום טייל זיינען דאָס געווען האַנטווערקער. צוזאַמען איז די אָפּגעקליבענע גרופּע באַשטאַנען פון 40 יידן. איך מיט נאָך צוויי יידן זיינען געוואָרן צוגעטיילט צום שניידער וואַרשטאַט. צוויי יידן זיינען געוואָרן צוגעטיילט צום טישלער־וואַרשטאַט און דער רעשט 35 יידן — צו שוואַרצע אַרבעט, ווי באַדינען דעם באָד־אַנשטאַלט, די גאַזאַיוונס, סאָרטירן די קליידער און גלייכצייטיק בודק זיין יעדן מלבוש, בכדי צו געפינען גאָלד, געלט און אַנדערע ווערטזאַכן. זייערע פונקציעס זיינען אויך געווען צו אַרויסרייסן די גאָלדענע ציין פון די פאַרגאַזטע מענטשן א.אַ.וו. די אַלע שוואַרצאַרבעטער האָבן געאַרבעט אַזוי לאַנג ביז מען האָט זיי פאַרפייניקט צום טויט. און דאַן ווען עס איז אָנגעקומען

אַ נייער טראַנספּאָרט, האָט מען זיי געשיקט אין די גאַז־אויוונס און אויף זייער אָרט געקליבן נייע קרבנות. די איבעריקע פון די 6000 יידן פון טראַנספּאָרט האָבן די דייטשן פאַרזאַמלט אויף אַ פּלאַץ. פאַר זיי האָט געהאַלטן אַ רעדע דער אָבער־שארפירער שטרויבעל. ער האָט געזאָגט: „איר אַלע באַקומט אייער לאַנד אין אוקריינע, ווו איר וועט לעבן און אַרבעטן בשלום, די קליידונג מוז ווערן געטווישט און פאַרן אָפּגעבן די קליידער מוז יעדער שרייבן אַ בריוו צו זיין פאַמיליע, אַז ער איז מיטן טראַנספּאָרט אָנגעקומען אין אָרדענונג, ער אַרבעט און איז צופרידן". (עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז פון יעדן וואַגאָן איז געוואָרן אַרויסגענומען פיל טויטע און צעדריקטע). נאָך דער רעדע פונעם אָבערשארפירער, זיינען די מענטשן געפירט געוואָרן צום באָד־אַנשטאַלט און פון דאָרט צו די 5 גאַזאויוונס. די פאַרגאַזטע קערפּערס, זיינען געוואָרן פאַרברענט אין גרויסע פיר צוגעגרייטע גריבער. מיט דער אַרבעט האָבן אָנגעפירט ביז 300 ס. ס.

ב.

די פייניקונגען אויפן אַפּעלפּלאַץ און די ספּעציעל צוגעגרייטע „שטיקלעך" פון אָבערשארפירער וויס — זיינען נישט צום באַשרייבן. אַזוי צום ביישפּיל פלעגן די מענטשן יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט ווערן אויסגעשטעלט בלאָקווייז פון 1 ביז 8. איינער איז געוואָרן אָנגעטאָן אַלס משה רבנו: אַ גרויסע באָרד, אַ לאַנגער חאַלאַט, אַ יידיש היטל און אַ שטעקן אין דער האַנט. ער פלעגט אַרויסגיין אויף אַ טיש און מיט אַלעמען זינגען דאָס ספּעציעל צוגעטראַכטע ליד פון אויבנדערמאָנטן שארפירער.

מאָזעס! מאָזעס! ווו האָסטו דיינע ברידער אין די שמאָלע רינע
ווען די יידן זיינען שוין דערינען?
מאַכט מען די קלאַפּע צו —
ווען אַלע פעלקער האָבן רו.

און די אַלע אויפן פּלאַץ, האָבן געמוזט פאַלן צו דער ערד און זאָגן: אָמן.

עס איז אויך פיל מאָל געוואָרן געזונגען דאָס אַזוי גערופענע „ציגיינער־ליד":

ווי לוסטיק איז אונדזער לעבן,
מען טוט אונדז עסן געבן —
פאַריאַ! פאַריאַ!
אין גרינעם וואַלד,
ווו אַלץ זיך אויפהאַלט,
עס איז אונדז דאָך בעסער
ווי אין דער היים. —
פאַריאַ! פאַריאַ!..

באַזונדערע צרות האָבן מיר געליטן זומער. אין חודש מאי, האָט דער אָבערשאַרפירער ווייס פאַראָרדנט, אַז יעדער אַרבעטער מוז יעדן טאָג צושטעלן אַ געוויסע צאָל ווערים, פון די אַזוי גערופענע אין פויליש כראבאנטשעס. דער וואָס האָט נישט צוגעשטעלט די באַשטימטע צאָל, האָט געקראָגן 25 שמיץ. יעדער האָט זיך דערפאַר געיאָגט צו מאַכן די צאָל ווערים, און דערפאַר פלעגט קומען צו געשלעגן צווישן די אַרבעטער גופא, פון וואָס דער זעלבער אָבערשאַרפירער האָט באַזונדער געהאַט פאַרגעניגן.

אין אָקטאָבער 1943, האָט זיך ביי אונדז דערוועקט דער געדאַנק פון ווידער־שטאַנד. מיר האָבן געזען, אַז סוף כל סוף דערוואַרט אונדז דער זעלבער טויט. מיר האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד לויט אַ אויסגעאַרבעטן פּלאַן. צו די אויפשטענדלער האָבן געהערט 40 יידן. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די קאָמענדאַנטן פלעגן אויף די אַרבעטס־פּלעצער שיקן יידן ספּעציעל פון פאַרשיי־דענע לענדער, כדי זיי זאָלן זיך נישט קענען פאַרשטענדיקן צוליב די שפּראַכן־אונטערשיידן.

דער טאָג פון אויפשטאַנד איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם 14.10.43, פיר נאָך מיטאָג, פּינקטלעך. די אַרבעט איז געוואָרן איינגעטיילט אין צוויי גרופּעס, יעדע צו 20 פּערזאָן. איין גרופּע, צו וועלכער אויך איך האָב געהערט, האָט געאַרבעט אין די שניידער־וואַרשטאַטן, ווו עס פלעגט אין די צימערן אַריינקומען די ס. ס. צום פּאַסן, אָדער אָפּנעמען זייער באַשטעלטע אַרבעט. מענטשן פון אָט דער גרופּע האָבן אויף זיך גענומען צו דערהרגענען אויף פאַרשיידענע אופנים זעכצן ס. ס. און פון זיי צונעמען די מונדירן און געווער. נאָכן דערליידיקן דאָס אַלץ, דאַרפן זיי זיך צוזאַמענטרעפן מיט דער צווייטער גרופּע, וואָס איז אויך באַשטאַנען פון 20 פּערזאָן און האָבן געאַרבעט אין די אַמוניציע־מאַגאַזינעס. פון אָט דער צווייטער גרופּע האָבן זיי געדאַרפט באַקומען נאָך געווער, און דאַן האָבן די אַלע 40 מאַן געדאַרפט צונויפנעמען די אַלע יידן פון לאַגער און צוזאַמען אַנטלויפן אין די שכנותדיקע וועלדער. איינער פון די 40 אויפשטענדלער איז באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרבינדלער. ער האָט געהאַט די מיסיע איבערצוגעבן ידיעות אַנדערע וואַרשטאַטן וועגן דעם דורכפירן פון דער אַרבעט. די יידן פון די שניידער־וואַרשטאַטן האָבן באַצייטנס געזאָגט די ס. ס. וועלכע האָבן געהאַט ביי זיי אַרבעט, אַז זיי זאָלן קומען דעם 14־טן, פיר נאָך מיטאָג אָפּנעמען אָדער פּאַסן די אַרבעט.

דאָנערשטיק, דעם ערשטן טאָג סוכות תש״ד (14.10.1943) פיר נאָך מיטאָג, זיינען אין די וואַרשטאַטן געקומען די איינגעלאַדענע ס. ס. (זיי פלעגן שטענדיק קומען פּינקטלעך צום אָפּגעשטימטן טערמין. דערביי האָבן זיי נאָך געהאַט אַ כוונה: איז דער בעל־מלאכה נישט גרייט מיט דער אַרבעט, דאַן ווערט ער באַלד געשיקט אין גאַזאויוון).איך און מיין חבר לעאָן לערנער (וווינט היינט אין ביירויט,

בייערן, האָבן דערהרגעט 2 ס. ס.: דעם אָבערשאַרפירער גרעישיץ און דעם אונטערשאַרפירער בלאטט. דאָס אויספירן די זאַך איז פאָרגעקומען אויף פאָלגנדיקן אופן: ביים פאַסן זיי די מונדירן, ווען זיי האָבן זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו אונדז, האָבן מיר זיי אָפּגעהאַקט די קעפּ מיט 2 שאַרפע העק, וועלכע מיר האָבן שוין צוגעגרייט פון פריער. דער פאַרבינדלער איז גלייך געלאָפן אין די אַנדערע צימערן פון די וואַרשטאַטן זאָגן אַז עס איז אונדז געלונגען. ער האָט אַזוי כסדר איבערגעגעבן די ידיעות איבער די אַלע אַרבעטס־שטעלן. צען מינוט נאָך פיר זיינען שוין אַלע זעכצן ס. ס. געווען טויט.

מיר האָבן זיך גלייך איבערגעטאָן אין די דייטשע מונדירן און מיט געווער אין האַנט זיינען מיר געלאָפן באַפרייען די אַנדערע אַרבעטס־קאָמאַנדעס, וועלכע האָבן שוין אויף אונדז געוואַרט. מיר האָבן זיך געהאַט אַלע אָפּגעשמועסט זיך צוזאַמענצוטרעפן אויפן אַפּעלפּלאַץ. ווען מיר זיינען אַהער אָנגעקומען, האָבן מיר אויסגעשריען צו די אוקראַינישע פּאָסטנס: „הורא רעביאטי, יוזש פאָ וואָיניע!" (חברה, שוין אויס מלחמה!). די דייטשע פּאָסטנס, וועלכע האָבן געהיט דעם טויער, זיינען אויך געוואָרן צעטומלט. דאָס האָט אָבער געדויערט נאָר אַ קורצע ווײַלע. די דייטשן האָבן זיך אַ פּאָר מינוט שפּעטער אָריענטירט, וואָס דאָ קומט פאָר און זיי האָבן געעפנט אַ שיסעריי אויף אונדז. צוליב דער בערך קליינער צאָל מענטשן אונדזערע, איז געווען אוממעגלעך אָנהייבן מיט די דייטשן אַ קאַמף. מיר זיינען דערפאַר בעסער אַנטלאָפן פון לאַגער. מיר האָבן זיך דורכגעריסן דורך צוויי ליניעס שטעכלדראָט־פאַרצוימונגען און אַ קאַנאַל פון וואַסער. פיל פון אונדז זיינען אומגעקומען דורך די מינעס, וועלכע זיינען געווען אויסגעלייגט ביים קאַנאַל. די גרופּע, וואָס האָט געאַרבעט אין די אַמוניציע־מאַגאַזינעס, איז געכאַפּט געוואָרן. עס איז זיי נישט געלונגען אין דער אָפּגערעדטער צייט צו קומען אויפן פּלאַץ. פון דער אַלגעמיינער צאָל זעקס הונדערט באַשעפטיקטע זיינען מיר ביי הונדערט יידן אַנטלאָפן אין די פאַרצעווער וועלדער, וואָס ליגן אויפן וועג פון לובלין־זאַמאָשטש.

אין די וועלדער האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע. געוועזער פון לאַגער האָבן מיר געהאַט געוועג. מיר האָבן אָפּגעשטויסן פיל אָנפאַלן, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן אויף אונדז מצד די דייטשן און אוקראַינער. גאָר געבערענטע צרות זיינען מיר אויסגעשטאַנען פון די א.ק.־באַנדעס (אַרמיאַ קראַיאָוואַ, פון די פּוילישע נאַציאָנאַליסטן). זיי האָבן מיט אונדז מכלומרשט געוואָלט פירן געמיינזאַמע אַרבעט. אינדערזמתן אָבער האָבן זיי נאָר געזוכט מיטלען ווי אַזוי אונדז אָפּצונאַרן און דערהרגענען. איינמאָל האָבן זיי געמאַכט אַזאַ שטיקל: מיר זיינען געגאַנגען צוזאַמען מאַכן אַן אָנפאַל אויף דייטשע פּאָסטנס. די א.ק.־אָווצעס האָבן געהייסן אונדז גיין די ערשטע. ווען מיר האָבן זיך אָבער געריקט פאָרויס, האָבן די א.ק.־אָווצעס

געעפנט אויף אונדז אַ שיסעריי. מיר האָבן זיך באַלד אָריענטירט, וואָס דאָ קומט פאָר, און זיינען אַנטלאָפן. פון דער געשיכטע זיינען אָבער לײדער געפאַלן 8 מענטשן פון אונדזער קליינער משפחה.

די קרוב הונדערט יידן, וועלכע עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון לאַגער סאָביבאָר בעת דעם אויפשטאַנד, זיינען געוואָרן צעשפּרייט איבער פאַרשיידענע ערטער. נאָך דער באַפרייונג האָבן מיר זיך צוזאַמענגעטראָפן, בסך הכל 20 פּערזאָן.

אויפגענומען אין דער רעגיאָנעלער
היסטאָרישער קאָמיסיע אין רעגענסבורג.
(צ.ה.ק. 651)



בנותיו של ה. הירשביין ובנו של שלמה פודכלבניק שניספו בסוביבור
טעכטער פון ה. הירשביין און זון פון שלמה פודכלעבניק, אומגעקומען אין סאָביבאָר

**טאלא מאסקאל־שולץ**

# די מיידלעך־כאַפּעריי

הערבסט 1941. אַ פּרעכטיקער גאָלדענער פּוילישער הערבסט. די טעג זיינען העלע, ליכטיקע, נאָר אין דער נשמה — חושך. עס ציטערט יעדעס יידיש האַרץ ביים אָנבליק פון די בלוטיקע ס. ס.־בעסטיעס. אַלץ אָפטער און אָפטער באַווייזן זיי זיך אין גאַס, ווי ווילדע הינט זוכן זיי נייע קרבנות פאַרן נאַצי „מולך”. די מלחמה־מאַשין פאָדערט אומצייליקע אַרבעטס־הענט, כדי ראַשיקער צו פאַרניכטן מענטשלעכע שאַפונג פון דורות. עס גייט זיי נישט אָן דאָס געוויין פון קינדער, דער וויי־געשריי פון פאַרבליבענע עלטערן און עלנטע פרויען. אַלע מאָל גרייט מען צו נייע גזירות.

אין שטאָט איז שטיל, ווי אַן אָנזאָג פון קומענדיקן שטורעם. אויף בלייכע פּנימער פון נאָענטע — דער זיגל פון שרעק און זאָרג. וואָס וועלן ברענגען די אָנקומענדיקע ימים נוראים? קיין שפור פון יומטובדיקייט זעט זיך נישט, פאַרקערט — וואָס ווייטער: פאַרגרעסערטער אומעט און טרויער. אין יעדער שטוב פעלט שוין עמעצער. מען ווייסט נישט וווהין האָט מען אים פאַרשלעפּט.

עס הערן זיך מער נישט די געזאַנגען, וועלכע פלעגן זיך טראָגן פון דער שול. פאַרקוילטע ווענט, די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון שיינעם שול־בנין, שטאַרצן אַרויס פון דער ערד, ווי אויפגעהויבענע הענט צום הימל, מאָנען שטראָף פאַר די נאַצישע וואַנדאַלן, וועלכע האָבן זי פאַרברענט. עס יאָגט אַן אימה איבער יידישע שטובן. קינדער אין די וויגן, איינגעקורטשעט־פאַרכמורעטע לייענען אַראָפּ פון די בלייכע צוקנדיקע פּנימער פון זייערע עלטערן, אַז עפּעס איז נישט ווי שטענדיק. אין די וווינונגען, ווו עס זיינען בדרך נס געבליבן מענער, טראָגן זיך שעפּטשענדיקע תפילות: גאָט, פאַרקלענער אונדזערע ליידן!

ערב יום־כיפור. איך און מיין יינגערע שוועסטער, גייען צו דער באבע אסתר, ווינטשן איר אַ גמר־חתימה־טובה צום נייעם יאָר און באַקומען אירע ברכות. די באבע האָט קוים באַוויזן אונדז צוטוליען צו זיך, לויפט אַריין אַ צעשראָקענער מיין פעטער דניאל. ער שרייט אויס:

— לויפט, קינדער, גיכער! באַהאַלט זיך! ס'וועט נאָך היינט — אַזוי זאָגט מען — זיין אַ „לאַפּאַנקע”! (מען וועט כאַפּן יידן).

מיינע אויגן זיינען געפאַלן אויף דער באבעס בלייכן פּנים און געזען ווי זיירע אויגן זיינען פייכט געוואָרן פון טרערן. זי קוקט אונדז אָן הילפלאָז, זי

איז נישט אומשטאַנד אונדז צו העלפן. זי האָט נאָך פעסטער אונדז צוגעדריקט צו זיך און געפליסטערט:

— „זאָל גאָט אייך מציל זיין פון שונאס הענט!"

געיאָגטע פון דער שרעקלעכער ידיעה זיינען מיר, אויפן וועג צו אונדזער שטוב, אַריין צו דער מומע גאָלדע, איבערדערציילט די ביטערע נייעס. ווי נאָר זי האָט אויפגענומען די אָקאָרשט דערמאָנטע ידיעה, איז געפאַלן איר באַשלוס: מיר ביידע און איר טאָכטער מינא, זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן אין קעלער־קאַמער.

אַ גאַנצע נאַכט זיינען מיר געלעגן אומרויקע, איינגעקורטשעטע, מורא געהאַט אַז יעדע מינוט קאָן עפּעס פּאַסירן, די נאַצי־כאַפּערס וועלן קומען אויף אונדזערע שפּורן. ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָב איך אויסגעדריקט מיין ווונטש אַרויסצוגיין אויף אַ ווייל, זיך אַרומקוקן כדי צו אָריענטירן זיך אין דער געשאַפענער לאַגע. זיי האָבן מסכים געווען.

כ'האָב פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. פּלוצים זיינען, ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסן עטלעכע געסטאַפּאָווצעס און גלייך באַפוילן מיך מיט־צוגיין מיט זיי. מיין שוועסטערל, דערהערנדיק די אַמפּערניש, האָט פאַרגעסן אין דער געפאַר וואָס שטייט איר פאַר און איז אַרויס פון קעלער. זי איז געפאַלן מיר אויפן האַלדז און אויסגעבראָכן אין אַ שרעקלעך געוויין. איר כוונה איז געווען אַרויסרייסן מיך פון די כאַפּערס הענט.

די געסטאַפּאָווצעס האָבן באַשלאָסן אויך מיין שוועסטערל מיטצונעמען. איך האָב פאַרגעסן אין מיין אייגענער צרה און גענומען זיך איינבעטן ביי זיי:

— „לאָזט איר אָפּ! זי איז קוים 12 יאָר אַלט!". זיי האָבן איר פריי געלאָזט.

אַ שט:יס אין מיין פּלייצע האָט אונדז צעשיידט. מיך האָט מען געפירט צום בית המדרש — דער זאַמל־פּונקט פאַר אַלע טראַנספּאָרטן.

דאָרט, אין בית־המדרש, האָבן זיך שוין געפונען אַ סך מיידלעך פון אונדזער שטאָט. וואָס דערוואַרט די אַלע יינגע בליענדע לעבנס? וווהין וועט מען זיי שיקן צו פאַרטיליקן? איך בין פאַרזונקען געוואָרן אין מאַטערנדיקע מחשבות און נישט געזען וואָס עס טוט זיך אַרום מיר.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך אַ ביסל באַרואיקט, זיך צוגעווויינט צום אַרום, האָב איך געזען אַז לעבן מיר שטייען די פאַרהאַלטענע מיידלעך. מחוץ זיי, אָפּגעטיילט דורך אַ מחיצה, געפינען זיך אויך עלטערן פון קינדער. זיי זיינען געבראַכט געוואָרן אַהער ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אויסגעבן ווו זייערע טעכטער ליגן באַהאַלטן. איך האָב זיך צ'געקוקט: די פּנימער — אָן לעבן, אַש־גרוי.

די געסטאַפּאָווצעס האָבן געפּייניקט די עלטערן, געוואָלט אויספּרעסן ידיעות. כדי צו פאַרטויבן די יאָמערלעכע געשרייען האָבן זיי געצוווּנגען די אומ־גליקלעכע צו זינגען. די שפּיצרוטן זיינען געפלויגן אַרויף און אַראָפּ. פאַרחלשטע

און צעשלאָגענע האָט מען באַגאָסן מיט אַן עמער ברודיק וואַסער. צווישן די געפייניקטע איז אויך געווען מיין מומע טובה.

ווען זי האָט געוואָלט פאַרריכטן איר צעפּאַטלטע פריזור (זי האָט שטענדיק געהאַט אַ פאַרקעמטן קאָפּ, ווי אַ קרוין) איז צו איר צוגעלאָפן אַ געסטאַפּאָ־אויס־וווּרף און אַזוי לאַנג זי געצויגן פאַר די האָר ביז זי איז געבליבן ליגן אין אָנמאַכט און אַ בינטל האָר — אין די הענט פון דעגענעראַט. איך בין געשטאַנען ווי אַ געשטרויכלטע און הילפלאָזע, גאָרנישט געקאָנט איר העלפן. פון אויפרעגונג צוליב מיין אָנמאַכט האָב איך געביסן מיינע פינגער ביז בלוט. די אָפּגעטוענע רישעות און הילפלאָזיקייט האָבן אַזוי געקלעמט מיין האַרץ, אַז איך האָב געמיינט עס וועט צעפּלאַצט ווערן.

די ידיעה, אַז מען פייניקט די עלטערן זיי זאָלן אויסגעבן די באַהעלטענישן פון די מיידלעך איז זיך שנעל צעגאַנגען אין אַלע עקן שטאָט. יינגע מיידלעך זיינען געקומען אַליין אין בית המדרש, כדי נישט גורם צו זיין יסורים זייערע עלטערן.

די שעהן האָבן זיך געצויגן אומענדלעך. ווידער בין איך פאַרזונקען געוואָרן אין כלערליי נאָכטראַכטענישן. אַ שטיל פרויען־געוויין האָט מיך אַרויסגעריסן פון מיינע הרהורים: דאָס געוויין איז געווען פון מיין ליבע באָבע אסתר. זי האָט זיך צוגעגנבעט צום אָפענעם פענסטער, געוואָלט נאָך אַ בליק טאָן אויף מיר. מיט אַ קול אָנגעזאַפּט מיט טרערן האָט זי געזאָגט: „קינד, מיינס, טייערע, עפּעס זאָגט מיר מיין האַרץ, אַז איך וועל דיך מער נישט זען״! זי האָט אָנגעכאַפּט מיין אַרויס־געשטרעקטע האַנט און ליבלעך זי געצערטלט, ווי זי וואָלט וועלן לינדערן מיינע ווייטאָקן. אַ געסטאַפּאָוויעץ האָט עס באַמערקט און מיט אַ חיה׳שן געבריל זי אַוועקגעשלעפּט פון פענצטער.

פון די אַלע איבערלעבענישן און מידקייט בין איך אַוועקגעפאַלן אויף אַ באַנק און איינגעשלאָפן. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט האָט געזשומעט אַרום מיר ווי אין אַ בינשטאָק. לעבן מיר זיינען געשטאַנען: צעשיא וויינבוים, טויבע שמער־לאָווסקא, פראַדל פריימאַן, גענִיע פאָגעל, אַדעלאַ בראַנד און אַנדערע. פון זיי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מען פּלאַנט אַוועקצושיקן דעם טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד.

מיין פעטער דניאל האָט זיך צוגעכאַפּט צום פענסטער און מיך צוגערופן. (ער האָט געטראָגן אַן אָרעם־באַנד פון דער יידישער מיליץ) און מיר בסוד געזאָגט, אַז ער מאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען מיך צו באַפרייען אויפן באַנהויף. מיט אים איז געקומען מיין שוועסטערל גוטקא. איר פּנים איז געווען משונה׳דיק — געל ווי וואַקס. זי איז געשטאַנען אַ פאַרשטייפטע. פּלוצים איז זי צוגעפאַלן צו מיר מיט אַ יאָמערלעך געוויין: „איך וויל מיט דיר מיטפאָרן, וואָס עס וועט זיין מיט דיר וועט זיין מיט מיר!״. איך האָב בשום אופן נישט מסכים געווען און איר דער־קלערט, אַז אין די געגעבענע אומשטענדן איז געווונטשן זי זאָל זיין ביי דער באָבע.

(דעם פאָטער האָבן די דייטשן פאַרשיקט אין גאָסטינינער געטאָ און אונדזער מוטער איז פרי אַוועק פון דער וועלט).

נאָך דער צעשיידונג מיט איר בין איך געשטאַנען צעטומלט און דערדריקט און האָב נישט געהערט די קאָמאַנדא „איינטרעטן!" אַ שטאַרקער שטויס פונם ס.ס.־מאַן האָט מיר דערמאָנט ווו איך געפין זיך. איך בין אַריין אין דער רייע און דער מיידל־צוג האָט גערירט. מיר זיינען געגאַנגען אין דער ריכטונג צום וואָקזאַל. נאָך אונדז זיינען געגאַנגען די עלטערן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט, נאָך אַלע עינויים, אויסגעבן די באַהעלטענישן פון זייערע קינדער. געסטאַפּאָווצעס מיט אָנגעלאָדענע ביקסן, ווי זיי וואָלטן געפירט פאַרברעכער, האָבן אונדז געהיטן.

דער מיידל־צוג איז באַגלייט געוואָרן לענגאויס דעם גאַנצן שאָסיי פון די איבערגעבליבענע פאַרטרויערטע עלטערן און משפחה־מיטגלידער. זייער געוויין האָט געקאָנט רירן אַ שטיין אָבער נישט די הערצער פון די נאַצישע מערדער. מיט ווילדער גרױזאַמקייט האָבן זיי געשטויסן די האַלב־פאַרחלשטע יינגע מיידלעך און מערדע־לעך געשלאָגן מיט די ביקסן־קאָלבעס די עלטערן, וועלכע האָבן מיט אויס־געשטרעקטע הענט באַגלייט זייערע אויסגעצערטעלטע טעכטער.

מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך גיי נאָך מיין אייגענער לוויה. איך האָב זיך געזעגנט מיט יעדן הויז, מיט יעדער גאַס פון מיין געבוירן־שטאָט, ווו איך האָב פאַרבראַכט מיינע שענסטע קינדער־יאָרן.

אויפן וואָקזאַל האָט מען אַוועקגעשטעלט די עלטערן אָן אַ זייט און די מיידלעך אַריינגעשטופּט אין די באַן־וואַגאָנעס. פּלוצים איז אָנגעלאָפן מיין פעטער דניאל. איידער ער האָט באַוויזן אויסצורעדן צו מיר אַ וואָרט, איז ער אַרויסגע־וואָרפן געוואָרן פון וואַגאָן. ער האָט דאַן אויסגעשריען צו מיר: „זיי געזונט, טייערע. עס האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן דיך אַרויסצוראַטעווען פונם טייוולס הענט"!

ווען דער צוג האָט גערירט האָבן די יאָמערלעכע געוויינען פאַרהילכט דעם רעש פונם ברומענדיקן לאָקאָמאָטיוו און רוישנדיקע רעדער, וועלכע האָבן ווי צוגעקלאַפּט צום טאַקט: אויף אייביק! אויף אייביק! אויף אייביק! היימשטאָט קאָלאָ!

# אין האָל פון טויט

אין יאָר 1943, אָנפאַנג ווינטער אין בירקענאו־לאַגער.

עטלעכע קאָלער מיידלעך און איך צווישן זיי, האָט מען אַריבערגעפירט אין בלאָק 19, וועלכן מען האָט גערופן „דער האל פון טויט".

מיין אָרט אויף דער נאַרע, איז געווען לעבן ציעשא וויינבוים, אברהמ׳ס טאָכטער, זי איז געווען פול מיט לעבן. אין די ערגסטע מינוטן, האָט זי געפונען

אַ וועג זיך אַרויסצודרייען, זיך נישט אונטערגעבן, נישט אויפגעהערט גלויבן אינם זון־אויפשיין.

נישט געקוקט אויף אונדזער עלטער־אונטערשייד, האָבן מיר זיך גוט פאַרשטאַנען, געטיילט זיך מיט דעם ביסן ברויט, אָפטמאָל מיטן לעצטן, זיך קעגנזייטיק געהאָלפן אין אַן עת־צרה. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז מיר האָבן זיך געקאָנט פאַרשטענדיקן אויפן בליק, ווען עס איז נויטיק געווען.

אין איינעם פון יענע שווערע טעג האָט צעשיא געטראָפן אין בירקענאו איר יינגערע שוועסטער לאה׳קע. איך בין נישט אימשטאַנד צו באַשרייבן די פרייד פון די צוויי שוועסטערן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעפונען נאָך אַ צעשיידונג פון צוויי יאָר. כ׳וועל די באַגעגעניש נישט פאַרגעסן: זיי האָבן געוויינט און געלאַכט פאַר פרייד, זיך געקושט און געהאַלדזט און איך — צוזאַמען מיט זיי.

אַזוי ווי לאה׳קע האָט געוווינט אין צווייטן בלאָק, האָבן מיר זיך מיט איר געטראָפן נאָר ביינאַכט, אָדער אין פעלד ביי דער אַרבעט.

די לאַגע אין פרויען־לאַגער איז געווען וואָס אַמאָל שווערער און שרעקלע־כער. די לייכטע קליידונג אין די האַרבסטיקע קאַלטע טעג, האָבן איבערגעלאָזט זייער צייכן. מיר האָבן געפילט גאָר שטאַרק די קעלט בשעת די לאַנגע אַפּעלן. פאַרשידענע קראַנקהייטן האָבן אָנגעגריפן די שוואַכע און די שרעקלעכסטע פון זיי — דער טיפוס. מענטשן זיינען געפאַלן ווי פליגן סוף־זומער. אָט אַזוי, שטייענדיק בשעת דעם אַפּעל, ברעכן זיך די קני ביי די נאָענט־שטייענדיקע, מען פאַלט און שטאַרע אויגן קוקן צו דיר, ווי זיי וואָלטן געבעטן הילף, און נאָך אַ קורצער ווילע, פאַרמאַכן זיי זיך אויף אייביק. א׳ן מיר, די לעבן־געבליבענע, טאָרן אפילו נישט אויסשטרעקן אַ האַנט צו די פאַלנדיקע, ווייל פאַר דעם מינדעסטן ריר, בשעת דעם אַפּעל, פאַלן אויף דיין קאָפּ שרעקלעכע קלעפּ פון די רוצחישע ס. ס.־לייט. גליקלעך זיינען געווען די פאַלנדיקע, וועלכע האָבן זיך נישט געראַנגלט מיטן טויט, נישט געהאַט קיין לאַנגע גסיסה און גלייך אויסגעהויכט די נשמה.

מיר, קאָלער מיידלעך, האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, יעדן אָוונט פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען אויף דער נאַרע. יעדע איינע האָט זיך גוט איינגעקוקט אין איר חברטע, ווייל קיינמאָל איז מען נישט געווען זיכער מיטן מאָרגן: צי וועלן מיר זיך ווידער טרעפן נאָך דער אַרבעט? ווער וועט פעלן און ווער וועט בלייבן? יעדן טאָג זיינען געווען ענדערונגען, איבעראַשונגען און... קרבנות.

צוזאַמען מיט מיר, זיינען דאָן געווען אין לאַגער: חייטשע פּאָדריצקאַ, ליושא בלום (מרוזס אייניקל), דאשא שטיינבערג, שרה וואלקאוויטש, האנקא גאצמאן און דיטא לאנצמאן. דיטא איז די ער׳שטע אויסגעגאַנגען, דער ערשטער קרבן פון די קאָלער מיידלעך. אין אַ קאַלטן פרימאָרגן, ווען איך בין אַרויס פון באַראַק, האָב איך זי געזען ליגן אויף אַ קופּע פון טויטע, זי איז געלעגן מיט האַלב־אָפענע אויגן. עס האָט אַ קלעם געטאָן ביים האַרץ, פון די אויגן האָבן געפּלייצט

טרערן און די פויסטן האָבן זיך געביילט, גרייט זיך צו וואַרפן מיט לעצטע כוחות אויף די מערדער.

אַ סך פראַגן האָבן געמאָנט זייער ענטפער, אַ סך פון זיי האָבן זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט: צי וועט קיינמאָל נישט קומען קיין סוף צו די שטובאָוועס און בלאָקאָוועס, די שותפים פון מלאך־המות? אַזוי טראַכטענדיק, האָבן אויסטער־לישע געשרייען פלוצלינג איבערגעריסן מיינע געדאַנקען און פאַר מיינע אויגן אַ שרעקלעך בילד: מיידלעך לויפן פון אָרט צו אָרט און זוכן אַ באַהעלטעניש. די פנימער צעקרימטע פון שרעק, די אויגן — אויפגעריסענע, פול מיט פחד. אַלע לויפן, לויפן, לויפן... אַ קאָשמאַר. אַן אומגליק דערנענטערט זיך. כ׳קוק אַ פאַרגליווערטע און זע ווייטער: מען וואַרפט אַרויס פונם בלאָק קראַנקע, האַלב־טויטע און באַלד כאַפט אויף דאָס אויער, דאָס שרעקלעכע לאַגער־וואָרט: „סעלעקציע!"

ווי אַ פייל פון בויגן, בין איך געלאָפן צו צעשיא ווײַנבוים. איך האָב געוווּסט, אַז זי איז קראַנק אויף טיפוס און ברענט אין גרויס פיבער. ווי בליצן זיינען דורכגעלאָפן פיינלעכע פראַגן: וויאַזוי וועט זי קענען גיין צום אַפּעל? צי וועט זי נישט פאַלן שטייענדיק אין דער רייע?

פאַר יעדן פרייז מוז מען זי אַרויספירן פונם בלאָק! — אַזאַ איז געווען מיין באַשלוס. אין דער רייע, איז וויניקער סכנהדיק ווי בלייבן אין בלאָק. איך לויף צו איר און אָט קומט זי אַנטקעגן, זי לויפט. איך האָב זי אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און צוזאַמען האָבן מיר זיך געשטעלט אין דער רייע, צום אַפּעל. איר פּנים איז געווען געל ווי וואַקס. די אויגן — פאַרנעפּלטע. צופּרעסנדיק זיך צו מיר האָט זי געפרעגט:

— טאַלאַ, ווי זע איך אויס?

— זייער גוט, צעשיא! האַלט זיך פעסט און גאָט וועט העלפן!

— אָבער איך קאָן דאָך אויף די פיס נישט שטיין! האָט זי זיך געקלאָגט.

— שטיי!!! — האָב איך צו איר אַ געשריי געטאָן, נישט וויסנדיק אַליין פון וואַנען נעמט זיך צו מיר אַזאַ טאָן.

צרות האָבן מיר אַליין נישט געפעלט: געווען געשוואָלן פון הונגער און אויסגעמאַטערט מער ווי אין אַלע טעג.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די סעלעקציע: מען שלעפּט אַרויס מיידלעך פון די רייען און די ס. ס.־לייט, מיט לאַכנדיקע פּרצופים שרייבן אָפּ די נומערן. מען רייסט אַיועק שוועסטער פון שוועסטער, טעכטער פון מוטערס. אַ טייל ווייל מיטגיין מיט די אַרויסגעשלעפּטע, כדי צו ענדיקן דאָס לעבן צוזאַמען מיט זייערע טייערסטע און נאָענטסטע. אַפילו דאָס לאָזן נישט די בעסטיעס.

דער חלל ווערט פול מיט האַרצרייסנדיקע געשרייען פון די נייע סעלעקציע קרבנות. צעשיא רוימט מיר איין אין אויער: „טאַלאַ, מיר זיינען פאַרלוירענע!"

אין דעם זעלבן מאָמענט זיינען שוין די מערדער נעבן אונדזער רייע. מיין האַרץ קלאַפּט ווי מיט האַמערס, די פיס ציטערן. יעדע רגע קאָן דעצידירן — לעבן אָדער טויט. עס ווילט זיך נישט שטאַרבן. ביי אַלע שרעקלעכע איבערלעבענישן, איז נישט פאַרלאָשן געוואָרן דער פונק פון האָפענונג. דער מוח אַרבעט: זאָלן זיי שוין אַדורכגיין! און... אין דעם מאָמענט רייסט מען פון מיר אַוועק מיין טייערע, האַרציקע פריינדין צעשיא. איך פּרווו איר פעסט צוהאַלטן מיט מיין האַנט. אָבער עס פאַלט די קאָמאַנדע: „רעכטס״! — צעשיא דערווייטערט זיך פון מיר און זאָגט: דער פאַרגעפיל האָט מיר געזאָגט... בעסער אַזוי, ווייל איך האָב מער קיין כוח נישט...

די „גליקלעכע״ האָט מען אַוועקגעפירט אין בלאָק 8, און די סעלעקציע־קרבנות — אין בלאָק 19 און צווישן זיי — צעשיא. מען האָט זיי אַריינגעטריבן אין „האל פון טויט״.

די פאַרהאַלטענע אין בלאָק 8, האָט מען נישט אַרויסגעלאָזט ביז פינצטער. מיין אומרו האָט מיך געצווונגען אַהינצוגיין, איך האָב געפילט אַ באַדערפעניש זיך צוזען מיט מיינע הברטאָרינס, מיט וועלכע איך בין פאַרקנופּט און פאַרבונדן. אין אָוונט האָט מען מיר געזאָגט, אַז די אומגליקלעכע האָט מען נאָכנישט אַוועק־געפירט, געלאָזט זיי אין ענגשאַפט און אין שמוץ זיך מוטשען, זיך נאַרן מיט דער האָפענונג: אפשר וועלן זיי פאָרט בלייבן לעבן...

נישט מיט ליידיקע הענט בין איך אַוועק צו זיי, אָבער דאָס געבראַכטע איז געווען אָרים און ווייניק: אַ טעפל קאַווע — וואָס האָבן מיר געהאַט מער?

אָנקומענדיק צום בלאָק, איז דאָס בלוט אין די אָדערן פאַרגליווערט געוואָרן. ווער קען אויסמאָלן דאָס גרויל־בילד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיינע אויגן? ביים שוועל ליגט אַ קופּע טויטע — במשך דעם טאָג האָבן זיי אויסגעהויכט די נשמות. נישט פריילעכער איז אינעווייניק: אויף די נאַרעס באַוועגן זיך שאָטנס פון מענטשן. אַ טייל — רעזיגנירטע, אַנדערע — גלייכגילטיקע, עטלעכע האָבן זיך צוריקגעצויגן בעת מיין אָנקום, פון שרעק און אפשר פון האָפענונג, צי וועט אַ נס זיי אָפּראַטעווען?

איך האָב די ערשטע דערזען צעשי׳ען און איר דערלאַנגט דאָס טעפל קאַווע. זי האָט דעם וואַרימען טרונק גענומען מיט לעכצנדיקע הענט צו די דורשטיקע ליפּן. אַ לאַנגן זופּ געטאָן און איבערגעלאָזט. זי האָט געפלאַמט פון גרויסן פיבער. ווען זי האָט זיך אַ ביסל געשטאַרקט האָט זי צו מיר געזאָגט:

— טאַלא, עס איז מיר נישט קיין שאָד, וואָס איך גיי אַוועק פון דער מיאוסער וועלט, איך גיי צום טויט ווי צו אַ טאַנץ־אָוונט אין יאַזשווינסקיס זאַל. סוף־סוף וועל איך פּטור ווערן פון די נישט־אויסצוהאַלטענע ליידן. עס טוט מיר אָבער שטאַרק וויי, דער גורל פון מיין שוועסטער לאה׳קע, זי בלייבט ווידער אַליין... זע, טאַלא, פאַרנעם זיך מיט איר, העלף איר מיט וואָס דו וועסט נאָר קענען!

נאָך אַ קורצער הפסקה, האָט זי צוגעגעבן:

— ווען מען וועט מיך פירן צום קרעמאַטאָריום און דו וועסט שפּעטער זען דעם קוימען־רויך, זיי וויסן, אַז די טויבע הימלען, וועלכע האָבן נישט געהערט אונדזערע הילפס־רופן, האָבן מיר צוגענומען...

מיינע אויגן האָבן געטרערט און דאָס מויל האָט קיין וואָרט נישט אַרויס־גערעדט, נישט געהאַט קיין מוט זי צו טרייסטן, געווען פאַרטראַכט איבער מיין אייגענעם אומבאַוווסטן גורל: ווער ווייסט, צי מאָרגן וועט מיט מיר דאָס זעלבע נישט געשען.

עס איז שווער געווען אַוועקצוגיין. פּלוצים דערהער איך פון דערווייטנס די שטים פון דאשא שטיינבערג: טאַלאַ, גיב מיר אַ טרונק, איך ווער פאַרברענט! איך האָב איר פאַרלאַנג דערפילט. עס איז נאָך געווען אַ ביסל קאַווע אין טעפּל. און עס דערגייט צו מיר אַ רוף פון שרה וואלקאוויטש. זי זאָגט צו מיר מיט תמימות: „איך ווייס נישט צי זיי וועלן קענען מיר פאַרגאַזעווען — איך האָב דאָך אַזאַ געזונט האַרץ!"

לענגער בלייבן האָב איך נישט געקענט: מען קען דאָך פון זינען אַראָפּ. ווי האַלט מען דאָס אויס? אַזעלכע יינגע לעבנס, ווערן פּריצייטיק פאַרשניטן, זיי קוקן דעם מלאך־המוות אין פּנים אַריין, — דאָס וואַרטן אויפן טויט איז ערגער ווי דער טויט.

איך האָב זיך געזעגנט מיט יעדע פון זיי און קוים אַרויס אַ לעבעדיקע. ביים טיר בין איך געבליבן שטיין און זיך אומגעקוקט. זייערע בליקן האָבן מיר באַגלייט און מער האָב איך זיי נישט געזען.

זייער לעצטער וועג פאַרן גיין אין קרעמאַטאָריום, איז געווען דער מאַרש צום בלאָק נומער 25.

צומאָרגנס, מיטאָגצייט, האָב איך געזען דורך מיין קליינעם בלאָק־פענצטערל ווי מען פירט זיי צום ברען־אויוון. אין אַ פאַרמאַכטן אויטאָ האָט מען זיי אַרויסגעשיקט צו די גאַז־קאַמערן. אָפּקלאַנגען פון „התקווה" און „שמע ישראל" האָבן זיך געטראָגן אין חלל און עס איז באַלד ווידער שטיל געוואָרן.

אָט אַזוי זיינען אַוועק יינגע צאַפּלדיקע לעבנס. שווער צו באַגרייפן וויאַזוי די פאַרבליבענע האָבן אויסגעהאַלטן די יסורים פון צעשיידונג. נישט אַנדערש, אַז דער געפיל פון נקמה האָט געגעבן כוח צו לעבן, אויסהאַלטן ביזן סוף.

נאָך אַ געוויסער צייט. בין איך ווידער פאַרבייגעגאַנגען דעם בלאָק, עס איז געווען ליידיק, נישט געווען דאָרט מער אונדזערע קאָלער האַרציקע יינגע מיידלעך. זיי זיינען אַוועק מיטן רויך אין דער ווינט האָט זייער אַש פערשפּרייט איבער דער גאַנצער פאַלשער און גרויזאַמער וועלט, וועלכע האָט שווייגנדיק דערלאָזט זייער אומקום. אין מיינע אויערן קלינגען נאָך ביזן היינטיקן טאָג זייער פּראָטעסט און ווייגעשריי, וועלכער קיינער האָט ליידער נישט דערהערט.

גאָלדע דאַנילעוויטש־קאַליסקי

# אין די פרויען־לאַגערן

ביי אונדז אין שטוב האָבן שוין געפעלט צוויי משפּחה־מיטגלידער: מיין ייִנגערער ברודער משה־הערש, וואָס איז געפאַלן אין שלאַכט הינטער לענטשיץ און מיין עלטערער ברודער ישראל, וועלכער איז פאַרשיקט געוואָרן מיטן טראַנספּאָרט קיין פּויזן. פון די נאָענטע קרובים — אברהם דאַנילעוויטש, מיין פעטער.

ווען עס איז אויסגעהאָנגען געוואָרן אַ נייע רשימה פון פּערזאָנען וועלכע דאַרפן זיך שטעלן אויף לאַגער־אַרבעט, האָט זיך צווישן אַנדערע געפונען דער נאָמען פון מיין עלטערע שוועסטער באַלטשע. איך האָב באַשלאָסן זי צו פאַר־טרעטן, ווייל איר אַוועקפאָר פונם שטוב, וואָלט געווען פאַר דער פאַמיליע אַ געפערלעכער קלאַפּ — זי איז דאָך די גאַנצע פּרנסה־געבערין.

אין באַשטימטן טאָג און אינם אָנגעוויזענעם אָרט, האָבן אַלע אויפגעפאָ־דערטע מיידלעך זיך געשטעלט. מיר האָבן באַקומען אַ פרייען טאָג אויף צוגרייטן זיך צו דער נסיעה. צו מאָרגנס האָט געסטאַפּאָ אונדז געפירט אין בית־מדרש, פון דאָרט גייען אָפּ די טראַנספּאָרטן.

שטייענדיק אָנגעשפּאַרט ביים פענצטער, האָט זיך דערנענטערט צום בנין מיין אַלטע באָבע, טראָגנדיק אַ טעפּל עסן. אויך מיין מוטער איז אָנגעקומען מיט אַ בשורה, אַז מיין עלטערע שוועסטער וועט קומען מיך פאַרטרעטן — „זאָלן מיר זיין מיט דיר די לעצטע נאַכט". דער שומר ביי דער טיר איז געווען משה שאַפּשאָוויטש און ער האָט מיר דערלויבט צוגיין אַהיים.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן טאַטע־מאַמע געוואַכט ביי מיין בעט. ליגנדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָב איך געהערט, ווי דער טאַטע זאָגט תהילים און די מוטער שעפּטשעט תּפילות. איך בין צוגעשטאַנען צו זיי און געבעטן זיי זאָלן זיך באַרויקן.

אינדערפרי האָב איך זיך געזעגנט מיט מיינע טייערסטע. ווען איך בין אַרויס אין גאַס, האָט מיך באַגלייט זייער האַרצרייסנדיק געוויין. צוקומענדיק צום בית־מדרש. האָט מיין שוועסטער געזאָגט צו מיר: זע, וואָס דאָ טוט זיך, מ'דאַרף אַנטלויפן!

מיר זיינען אַרויף צום בולוואַר, אַדורכגעגאַנגען דאָס וואַסער אונטער דער בריק און צוגעקומען צו דער עלעקטראָווניע. דאָרט האָבן מיר אַ ביסל זיך

אָפּגערוט און אַהיימגעגאַנגען, דערוויסן זיך וואָס עס הערט זיך אין שטוב. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי די שכנים.

אויפן זאַמלפּלאַץ, האָט מען קאָנטראָלירט די רשימה און געזען, אַז מיר פעלן. פּאָליציי־לייט זיינען אין גרויסער בהלה געקומען צו די עלטערן און געפאָדערט דעם קרבן. אַלס שטראָף האָבן זיי גענומען די מוטער און מומע מינדל און איר קינד, זיי געפּייניקט און געפאָדערט אויסצוזאָגן די באַהאַלטעניש. זיי האָבן בשום אופן נישט אויסגעזאָגט.

דער מאַרש פון די מיידלעך האָט זיך אָנגעהויבן, מען האָט זיי געטריבן צו דער באַן. ווען דער פאָטער איז געקומען פון דאַווענען, האָט ער די מוטער נישט אָנגעטראָפן. ער איז אַוועק זי זוכן אויפן נייעם מאַרק און פון דאָרט — צו דער וואַרשעווער גאַס. דאָרטן האָט ער דערזען די קאָלאָנע מיידלעך. ער איז אַריין אין קאָרידאָר פון בינקעו"ס הויז, כדי זיך אויסצובאַהאַלטן. די מערדער פונם אַרבעטס־אַמט האָבן אים געכאַפּט און בלוטיק צעשלאָגן.

דורך אַ שפּאַרונע האָב איך געזען מיין צעבלוטיקטן טאַטן, געהערט ווי ער זאָגט: הרגעט מיך און לאָזט אָפּ מיינע קינדער! איך האָב דאַן באַשלאָסן אַרויסגיין, ווייל איידער אַזוי לעבן, איז בעסער גיין מיטן טראַנספּאָרט. מיין שוועסטער, הערנדיק מיין באַשלוס, האָט מיר צוריקגעהאַלטן: איך פיל, אַז מען רייסט דיך אַוועק פון אונדז אויף אייביק... איך האָב נישט געקענט צוזען די עינויים פון די עלטערן.

אויפן גאַס זיינען צו מיר צוגעפאַלן צוויי נאַציס און מיר געשלאָגן. פונדעסטוועגן בין איך נישט אַוועק אָן געזעגענונגס־קושן, וועלכע האָבן באַדעקט מיין צעבלוטיקטן טאַטן. זיי האָבן מיר אָפּגעריסן מיט געוואַלד פון אים.

דער וועג צו דער באַן איז געווען אַ יאָגעניש. האָב איך אַ ווײלע אָפּגערוט, זיינען געפאַלן שמיץ איבערן קערפּער. געווען איז דאָס אין אַ דינסטיק. פויערן זיינען געשטאַנען אין גאַס, מיט שפּאָט אין די אויגן, זיך צוגעקוקט, ווי מען יאָגט אַ יידיש מיידל, און דער האַנדל — ווי אין אַלע מאַרק־טעג. ביי דער באַן־סטאַציע, האָט מען אונדז געציילט און עס האָט נישט געדויערט לאַנג און דער צוג האָט גערירט

פאַרנאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אין פאַלוואַרק בערענבוש. די וווינונג איז געווען אַ בוידעם־שטוב, די פּאָדלאָגע אויסגעבעט מיט שטרוי. דאָ וועלן מיר זיין און אַרבעטן, דאָס איז דער אַרבעטסלאַגער. אונדזער אויפזעער איז געווען אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען טאַדעוש קאספּרזשאַק. אַ געוועזענער וועכטער אין דער וראנקער טורמע.

די פאַרקנעכטונג האָט זיך אָנגעהויבן גלייך צומאָרגנס. מען האָט די מיידלעך אַרויסגעפירט אין פעלד און באַפוילן אויסגראָבן די מייערן. אין אַ טרוקענעם טאָג איז די אַרבעט געווען שווער פאַר די וועלכע האָבן קיינמאָל אין

לעבן נישט געאַרבעט ביי לאַנדווירטשאַפט, און גאָר שווער אין די רעגנדיקע טעג. אינדערפרי זיינען מיר געפרוירן געוואָרן פון די קאַלטע ווינטן; מיטאָגצייט — אַדורכגענעצט געוואָרן פון די דינע־קאַפּעדיקע רעגנס. בקיצור: עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אמתע שווערע טעג.

דער קאָנטאַקט מיט די עלטערן און קרובים איז געווען איין מאָל אין וואָך, דורך אַ בריוו, וועלכער איז צענזורירט געוואָרן, צי מען האָט חס־וחלילה נישט געשריבן דעם אמת. ליבע פּאגעל האָט איינמאָל אַדורכגעשמוגלט אין איר בריוו אַזאַ זאַץ: ...„עס גייט אונדז זייער גוט און מיר האָבן געהאַט די וואָך דעם שוואַרצן דינסטיק, וואָס אים געדענקט דאָך יעדער איינער״.

דער אָפּקלאַנג פונם בריוו איז געווען אין לשער: ער האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די פאַרבליבענע אין קאָלאָ און מען האָט דערוועגן גלייך מודיע געווען דעם אַרבעטס־לייטער. זיין נקמה האָבן מיר גלייך דערפילט. קומענדיק אין אַ דאָנערשטיק צו דער פעלד־אַרבעט, האָט ער אונדז אַריינגעזאָגט: „היינט וועל איך אייך מאַכן אַ שוואַרצן דאָנערשטיק!״ באָרוועסע זיינען מיר געיאָגט געוואָרן אין פעלד, געמוזט קלויבן שטיינער אין קוישן און ווען זיי זיינען צעבראָכן געוואָרן — געהייסן אַריינלייגן די שטיינער אין די קליידער. ווער עס האָט נישט פּונקטלעך אויסגעפירט דעם באַפעל, איז צעשלאָגן געוואָרן.

פאַרשוואַרצטע זיינען מיר אַהיים געקומען פון דער אַרבעט, און געוויינען האָבן זיך געהערט אין אַלע ווינקעלעך. חייטשע סטאַל האָט איבערגעריסן דעם יאָמער, זאָגנדיק: „קינדער, נאָר נישט פאַרלירן די האָפענונג! פאַר מיר איז שוין געווען צוגעגרייט די תליה און דאָך לעב איך! קינדער, נאָר נישט געזאָרגט, דעם קאָפּ אַרויף, די פיס — אַראָפּ!״

אַ דאַנק איר ווירקונג האָט זיך די שטימונג געענדערט. עטלעכע מיידלעך, צווישן זיי געניע ליפשיץ, האָבן געפּרוּווט צו זינגען און טאַנצן, כדי אויפמונטערן די איבעריקע מיידלעך.

אַזוי האָבן זיך געצויגן טעג, וואָכן און מאָנאַטן, אָן אַ שיין פון האפענונג. אַ פאַלש ליכטל האָט אַ שימער געטאָן, ווען די טאָכטער פון פאָלוואַרק־אינספּעקטאָר איז געקומען צו אונדז און דערציילט, אַז אין קורצן פאָרן מיר אַהיים. אַ גרויסע פרייד האָט אַלעמען באַהערשט און די בשורה האָט זיך געענדיקט מיט אַ ביטערע אַנטוישונג, עס איז געווען בלויז אַ חלום. ווי אַ צולאָג צו דער אַנטוישונג איז געווען דער איבערגעריסענער קאָנטאַקט מיט די עלטערן — עס האָבן אויפגעהערט צו קומען בריוו, און דאָס האַרץ האָט געפילט, אַז עפּעס שלעכטס האָט פּאַסירט און נישט געוואָלט עס אַרויסברענגען אויף דער צונג. דער שלעכטער פאָרגעפיל האָט זיך באַשטעטיקט. דורך מיכאל ווילטשינסקי איז צו אונדז דערגאַנגען די בשורה: כעלמנא — אַן אָרט, פון וואַנען מען קערט זיך נישט צוריק.

דער אויפזעער האָט נישט געגעבן קיין פרייע מינוט אויף טראַכטן, נישט

געווען קיין צייט אויף טרויערן. די אַרבעט האָט געיאָגט און אַזוי טאָג־איין טאָג־אויס. דער מענטש איז געוואָרן אַ מאַשין. יעדער האָט זיך באַמיט צו זיין נוצלעך, ווייל די שוואַכע האָט מען אַוועקגעשיקט און מיר האָבן געוווּסט וואָס דאָס באַדייט. צווישן די אַוועקגעשיקטע, זיינען געווען פעפא גרינבוים און נאסטקא ראזענטאַל. די יינגסטע און קרעפטיקסטע האָט מען איבערגעלאָזן ביז צום סוף פון דער סעזאָן־אַרבעט.

די צווייטע סטאַציע, ריכטיקער, דער צווייטער לאַגער, איז געווען אין אינאווראצלאוו. דאָ האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן שווערע טעג און שווערע ארבעט. אַ גליק איז געווען די שכנושאַפט פון אַ מענער־אַרבעטס־לאַגער, ווו עס האָבן זיך געפונען עטלעכע קאָלער: בנימין ראזענטאַל, מאניעק ליסאק און שלמה רזשעשעווסקי און זיין זון. פון צייט צו צייט האָבן זיי אונדז אַרויסגעהאָלפן — געשיקט שפייז. דער אויפזעער זשינטארא האָט איינמאָל באַמערקט אַז מיידלעך ברענגען עסן פון מענער־לאַגער און פאַר אָט די „זינד", שרעקלעך צעשלאָגן די שפייז־טראָגער, זיי האָבן געמוזט אָנקומען צו מעדיצינישער־הילף. איך בין אָפּגעקומען מיט 25 שמיץ, פאַר דערלויבן חייטשע הימל אַריינלייגן אין מיין קעשענע אַ רויע קאַרטאָפל.

פון דאַנען האָט מען אונדז געשיקט קיין אוישוויץ. אויף דער פראַגע „וווהין פאָרן מיר?", האָט מען געענטפערט מיט סאַדיזם: „מאַכן פון אייך שמאַלץ פאַר דער זייפן־פאַבריק!"

שפּעט אין אָוונט זיינען מיר אָנגעקומען קיין בירקענאו. דער באַנדיט העסלער, דער לאַגערפירער פון אוישוויץ, האָט אָפּגעוואַרט דעם טראַנספּאָרט. עס איז גלייך געמאַכט געוואָרן אַ סעלעקציע און די שוואַכע, זיינען באַזייטיקט געוואָרן. די איבערגעבליבענע האָט מען טאַטואירט, געפירט אין באָד און אָפּגעשוירן די האָר. מלבושים האָבן מיר באַקומען פון אומגעקומענע רוסישע געפאַנגענע. דער דושנער שמוציקער באַראַק, האָט צוגעגרייט קרבנות פאַר די ברענענדיקע קרעמאַטאָריומס.

דער ערשטער קרבן, איז געווען חיה גראדוס. אירע נערוון האָבן נישט אויסגעהאַלטן און זי האָט זיך געוואָרפן אויף די עלעקטרישע דראָטן פון דעם לאַגער־צוים. דער פאַל האָט אַלעמען אויפגעטרייסלט און נאָך מער פאַרביטערט די געמיטער. פון דער פאַרטיע מיידלעך איז געוואָרן ווייניקער און ווייניקער. לעבן מיר אויף דער נאַרע איז געלעגן זאשיא ברוקשטיין (די טאָכטער פון ישעיה ברוקשטיין). ווען זי האָט באַקומען הויכן פיבער און דער קאַפּאָ האָט זי נישט געלאָזט בלייבן אין באַראַק, האָט זאשיא אויסגעהויכט די נשמה בשעת דעם גענעראַלן אַפּעל. זי איז געבליבן ליגן מיט גרויסע אָפענע אויגן.

אַלע מיידלעך זיינען אַן סעלעקציע אַוועקגעפירט געוואָרן אין „טויטן באַראַק" נומער 25. גלייכגילטיק האָבן מיר אָפּגעוואַרט דעם טויט. ראַשיק

איז אַריין דער לאַגער־פירער טאובער און אָפּגעציילט פון די זיך געפונענע 25 מיידלעך און געהייסן זיי אַרויסגיין, איך בין צופעליק געווען צווישן זיי.

דאָס איז געווען דער איינציקער פאַל, אַז מענטשן זיינען פון דאַנען אַרויס לעבעדיקע.

אין בלאָק נומער 8 איז געווען פון איצט אָן אונדזער וווינונג. מיר האָבן געאַרבעט אין דער אַמוניציע־פאַבריק „אוניאָן״ ביז צו דער עוואַקואַציע פונם לאַגער.

און וואָס ווייטער? אַ גרויל גייט אַדורך איבערן לייב, ווען מען דערמאָנט זיך אינם „טויטן מאַרש״, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דער עוואַקואַציע. די מידע און אויסגעמאַטערטע, הינטערשטעליקע ביים לויפן, האָבן באַקומען אַ קויל אין קאָפּ. די ס. ס.־לייט אויף מאָטאָציקלען, האָבן רויט געמאַכט דעם ווייסן שניי מיט פאַרגאָסענעם יידישן פרויען־בלוט.

ווען נישט לאָטקאַ טשאַפּליצקאַ, וועלכע האָט געשפּאַנט לעבן מיר, ווער ווייסט צי איך וואָלט געבליבן לעבן. זי האָט מיך געמונטערט און צוגעגעבן מוט, נישט געלאָזט איך זאָל אָפּשטיין. אירע וואַרימע ווערטער האָבן מיר געגעבן נייע כוחות אויסצוהאַלטן דעם מאַרש ביז ראַווענסבריק.

דאָ האָט מען אונדז באַשעפטיקט מיט אַעראָדראָם־אַרבעט. די באַדינגונגען זיינען נישט געווען בעסער ווי פריער און אַ צולאָג זיינען געווען די באָמבאַרדירונגען פון די אַליאירטע כוחות. אין איינעם אַ טאָג האָט מען אַלע פרויען אַוועקגעפירט אין אַ וואַלד, מיר זיינען געווען זיכער, אַז דאָ קומט דער סוף. עס איז אָבער געשען אַ נס. ווען מיר האָבן אָפּגעוואַרט דעם טויט, זיינען די מערדער געשטערט געוואָרן דורך די סאָוויעטישע אַרמיי כוחות, וועלכע האָבן זיך דערנענטערט צו בערלין, און דורך זיי טאַקע באַפרייט געוואָרן.

נאָך דער באַפרייונג, האָבן מיר אָנגעהויבן וועבן אַ ניי לעבן און אין האַרצן — די קברים און אָנדענקנס פון די אומגעקומענע.

# דער טויט פון חייטשע סטאַל

שוין אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, וועלכער האָט פאַרווערט קריסטן צו פאַרקויפן עסנוואַרג דער יידישער באַפעלקערונג. עס איז געוואָרן געלייגט גרויס אַכט אויף די פויערן פון די דערפער, וואָס פלעגן צוויי מאָל אין וואָך — דינסטיק און פרייטיק — אַריינברענגען אין שטאָט פוטער, אייער, עופות און אַנדערע פּראָדוקטן.

פון דאַמאָלט אָן איז נישט לייכט געווען מיט חיונה. עס האָבן דאָס געפילט אויך די וואָס האָבן פאַרמאָגט געלט, אַז דער הונגער האָט געפיניקט, האָבן

מענטשן זיך באַמיט, אויף פאַרשידענע אומועגן און מיט פאַרשידענע מיטלען, צו קויפן עפּעס ביי די דאָרפסלייט. באַזונדער האָט מען זיך באַמיט צו באַזאָרגן מיט מילכוואַרג די קליינע קינדער.

איינמאָל איז חייטשע סטאל צוגעגאַנגען צו אַ פויערטע און געוואָלט ביי איר עפּעס קויפן. די פויערטע האָט איר געענטפערט, דאָס די דייטשן דערלויבן נישט צו האַנדלען מיט יידן. חייטשע האָט זיך פאַרגעסן ווי זי איז און אויסגעשריען:

— „די דייטשן וועלן קראַפּירן און דאָס יידישע פאָלק וועט אייביק לעבן!"

באַלד האָט מען דאָס צוגעטראָגן צו דער געסטאַפּאָ און מען האָט חייטשען אַרעסטירט און פאַרמשפּט צום טויט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַמיונגען און אינטערווענצן, כדי צו מילדערן דעם אכזריותדיקן אורטייל. די ביטעס פון די איינפלוסרייכע מענטשן האָבן דאָס מאָל געהאָלפן און מען האָט פאַרביטן דעם טויט־שטראָף אויף פאַרשיקונג אין אַן אַרבעטס־לאַגער.

אין יענער צייט איז אוממעגלעך געווען צו דערגיין, וויאַזוי זי לעבט אויף פאַרשיקונג. אויך קיין בריוו זיינען נישט אָנגעקומען. זי איז געווען דער ערשטער קרבן פון די מיידלעך. ווער עס האָט זי געקענט האָט געגלויבט, אַז זי וועט זיך אויסדרייען פון אַלע געפאַרן.

אין יאָר 1942 האָב איך זיך געטראָפן מיט חייטשען אין אַרבעטס־לאַגער אין ווראצלאוו. זי איז געווען מונטער און ענערגיש, געהאַט אַ סך דערפאַרונג און מיך געלערנט וויאַזוי זיך צו האַלטן און איבערטראָגן די שוועריקייטן:

— „גאָלדע, דעם קאָפּ הויך, די פיס — פעסט אויף דער ערד! מיר מוזן איבערהאַלטן! די דייטשע מפּלה מוז קומען!"

די דאָזיקע ווערטער זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ פעסטקייט און זיכערקייט, אַז זיי האָבן זיך איינגעקריצט אין האַרצן. אויך אַנדערע יידישע מיידלעך, וועלכע האָבן זיך אָנגעטראָפן מיט איר, זיינען באיינפלוסט געוואָרן. נישט געקוקט דערויף, וואָס דער מלאך־המוות בושעוועט, איז דער ווילן צום לעבן געווען גרויס, ווי אויף להכעיס די שונאים.

איינמאָל האָט מען אַ גרופּע יידישע מיידלעך אַרויסגעשיקט צו שווערע אַרבעט. צווישן זיי זיינען געווען: אירקע ליסאַק, הינדע שוואַרץ, לאטא טשאַפּליצקאַ, חייטשע סטאל און איך. דער אַרבעטס־לייטער איז געווען זינטאַרא. ער האָט מיט אַן אויסגערעכנטער כוונה, וועלכע מיר האָבן אין אָנפאַנג נישט פאַרשטאַנען, זיך דערווייטערט פון דעם אַרבעטס־פּלאַץ און געווען אַפּוועזנד אַ לענגערע צייט. עס האָט זיך דערנענטערט די שעה פון אַהיימגיין און ער איז נאָך אַלץ נישטאָ. די מיידלעך האָבן נישט געוואַרט אויף אַ באַפעל און זיך אַ לאָז געטאָן צו די פויערישע הייזער אין דער סביבה, אפשר וועלן זיי באַקומען צו קויפן עפּעס עסנוואַרג, כדי צו שטילן דעם פּערמאַנענטן הונגער. איך בין געגאַנגען מיט לאטא טשאַפּליצקאַ.

נאָך דער דאָזיקער הצלחה, האָט ער געוואָגט צו גרעסערע זאַכן — ער האָט אנגעשפאַרט ביז וואַרשע, זיך אַריינגעשמוגלט אין געטאָ און אויפגעזוכט בני־עיר. ער האָט פיל געהאָלפן דעם קאָלער צדיק, ר׳ שלמה ראטפעלד און העזיע פרענקל *.

מאיר קריסטאל האָט די גאַנצע צייט געוווינט אין קאָלאָ, בשכנות פון די ברידער בערטאלד. ער האָט זיי געגעבן אַ סך „לא יחרץ־געלט״, זיי געבראַכט פון אַלעם גוטן און טייערסטן. זיי זיינען שטיין־רייך געוואָרן. עס איז אַלץ כדאי געווען. זיין פעולה איז געווען ווי אַ שליחות. צענטליקער פאַמיליעס אין קאָלאָ זיינען דורך אים אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון הונגער־טויט. זיי האָבן אים געגעבן מאַנטלען, און ער האָט זיי פאַרקויפט און דערפאַר געבראַכט שפייז־פּראָדוקטן.

דער טאָג ווען ער איז צוריקגעקומען פון אַ נסיעה איז געווען פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט אַ שמחה־טאָג. מחוץ דער דירעקטער הילף, האָט מען ביי אים אָפּגענומען לעבעדיקע גרוסן פון עלטערן, געשוויסטער און קינדער. אַ גרוס איז געווען אַ נחמה אין די בלוטיקע טעג.

זיין הויפּט־סטאַציע אין דער קאָלער געטאָ איז געווען ביי אברהם ווייגבוים. אַהין פלעגן קומען ביינאַכט די אויסגעמאַטערטע און נויטליידנדע און באַקומען פון אים הילף. מען איז געזעסן אין אַ קעלער און איינגעזאַפּט יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט געבראַכט פון דער גרויסער וועלט.

מאירן איז נישט באַשערט געווען צו זען דעם סוף פון היטלערן. עטלעכע חדשים פאַרן סוף פון דער קריג, איז ער טראַגיש אומגעקומען: איינער פון די פּויערן, וואָס איז דורך אים אויפגעריכט געוואָרן, האָט אים דערשאָסן. זיין נעביין איז אַפילו נישט געקומען צו קבר ישראל.

איינזאַם איז מאיר קריסטאל געווען כל ימיו, נישט איבערגעלאָזט קיין פרוי און קינד. זאָלן די שורות זיין אַ מצבה און אַן אָנדענק.

## ד. ווען דאָס האַרץ האָט זיך געעפנט...

בעת דער ערשטער אַקציע („ווישעדלעניע״), האָבן די קאָלער יידן נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ, הגם זיי האָבן כמעט אַלץ פאַרשפּילט. זייער האָב און גוטס וועלן זיי נישט מפקיר זיין: זיי וועלן עס נישט איבערלאָזן פאַר די נאַציס, נישט פאַר די פאָלקס־דייטשן און אויך נישט פאַר די פּאָליאַקן. עס איז געווען אַ באַוווסטע זאַך, אַז אַ גרויסער טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג גיסט אייל אויף דעם פייער.

די אַרויסגעשיקטע האָבן איבערגעלאָזן די שליסלען ביי שכנים און געזאָגט: נעמט עס צו און האַלט עס ביז מיר וועלן זיך ווידער זען, און אַז נישט — זאָלן

* פון זיי האָט ער באַקומען שריפטלעכע באַשטעטיקונגען, זיי האָבן אים פאַרזיכערט, אַז נאָכן קריג וועלן זיי אים אָפּצאָלן. אויב נישט זיי — זייערע קרובים.

די שונאים נישט געניסן דערפון... וואָלטן זיי געקאָנט אונטערצינדן אַלץ, איבערלאָזן אָפּגעברענטע ערד, לאָזן די שטאָט ווי זי האָט אויסגעזען איידער די יידן האָבן זיך אין איר באַזעצט און זי אויפגעבויט, אָבער — מען האָט זיך געמוזט רעכענען מיט די איבערגעבליבענע.

נישט לייכטער איז געווען די לאַגע פון די פאַרבליבענע, אויף וועלכע עס איז נאָך נישט געפאַלן דער גזר צו פאַרלאָזן די שטאָט. די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן געקוקט מיט אַ בייז אויג אויף די יידן, וועלכע פּאַסן זיך צו צו די „נייע" באַדינגונגען, בייטן זייער געלט אויף דייטשע מאַרקן, זוכן וועגן וויאַזוי אַדורכ־צושטופּן די שווערע צייט.

די פאַראָרדנונג, אַז מען טאָר נישט האַלטן מער ווי הונדערט מאַרק אין שטוב, איז געווען אַ מעסער אויפן האַלדז. יעדער איינער האָט געהאַט פיל מער, ווייל געלט איז געווען דער איינציקער מיטל זיך אויסצוקויפן אין אַן עת־צרה. אין דער פאַראָרדנונג איז געווען אַ דראָונג: „ביי וועמען מען וועט געפינען מער ווי הונדערט מאַרקן, וועט דערשאָסן ווערן!"

קאָלער יידן האָבן געעפנט זייערע קניפּלעך און פאַרטיילט זייער געלט צווישן די נויטבאַדערפטיקע. פיל מענטשן האָבן געטיילט הלוואות, געזוכט אַ געלעגנהייט פּטור צו ווערן פון גרויסע סומעס, באַגראָבן עס אין קעלערס און אין פעלדער מחוץ דער וווינונג. עס זיינען אָבער געווען מענטשן וועלכע האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר דער גזירה, געגאַנגען צו די דערשראָקענע און אויס־געשטרעקט די האַנט, צווישן די נעמער זיינען געווען פאַרהעלטניסמעסיק פאַרמעגלעכע.

דער רויך פון די קוימענס אין פיל שטובן האָט דערציילט וויאַזוי מען „ליקווידירט" פאַרמעגנס, וויאַזוי געלטבאַנקנאָטן ווערן פאַרוואַנדלט אין אַש: — זאָלן די גויים דערמיט נישט פאַרגרעסערן זייער וווילטאָג. פיל זאַכן זיינען פאַרברענט און פאַרניכטעט געוואָרן, זאַכן וועלכע מען האָט נישט געקאָנט מיטנעמען, אָדער אַוועקגעבן.

די באַוואָרענישן פון די אַרויסגעשיקטע קיין איזשביץ, האָבן זיך באַשטעטיקט. אין די צוויי קאָנצענטראַציע לאַקאַלן, ווו מען האָט זיי געבראַכט פאַר דער פאַרשיקונג (אין בית־מדרש און אין דער פוילישער שולע אויף דער וואַרשעווער פאַרשטאָט), האָבן די געסטאַפּאָ־לייט, זיי גוט רעווידירט. אַך און ווי איז געווען צו די, ביי וועלכע מ'האָט געפונען פאַרבאָרגענע ווערטפולע מעטאַלן. אויך פאַר מיטנעמען געלט האָט מען געגעבן קלעפּ.

אָרימע פאַמיליעס האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צום ערשטן מאָל געניסן פון אַ „הלואה", וואָס איז געגעבן געוואָרן מיט אַן אָפענער האַנט און אפשר אויך מיט אַן אָפן האַרץ.

ה. דער „קדיש" נאָך זיך אַליין.

הונדערט קאָלער יידן זיינען אין אויגוסט 1943 פאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין טויט־לאַגער, האָט מען אונדז אַריינ־געשטופּט אין אַ גרויסן לאָקאַל און עס איז געפאַלן אַ באַפעל: „זיך אויסטון נאַקעט!"

די קליידער, די פעקלעך, דאָס לעצטע האָט מען ביי אונדז צוגענומען אַלע זאַכן האָבן געבילדעט אַ גרויסע קופּע, צו וועלכער מען האָט נישט צוגעלאָזט קיינעם פון אונדז. פריזיערס האָבן אונדז אָפּגעשוירן — אפשר האָט עמיצער פאַרשטעקט עפּעס אין די האָר. דאַן האָט יעדער איינער באַקומען „נייע זאַכן" — אַ העמד, הויזן און אַ מאַרינאַרקע. הויכוווקסיקע האָבן באַקומען קורצע ברייטע קליידער, קליינוווקסיקע — לאַנגע מלבושים, אַזוי האָט מען פון אונדז סאַדיסטיש אָפּגעלאַכט. שיך האָט מען נישט געגעבן — צו וואָס דאַרפן פּאַראורטיילטע אויף טויט שיך?

די ערשטע צייט האָבן מיר זיך געפונען אין קאַראַנטין. צוזאַמען מיט מיר זיינען געווען: מענדל נאסאק, דוד פּוטער, לייבל לוקסנבורג, שמואל סטריקאַווסקי, יוסף שווארץ, שמואל באטשאן א. אַ. צוויי מאָל זיינען געמאַכט געוואָרן סעלעקציעס, מי לחיים ומי למות. ביי די סעלעקציעס האָט מען געמאַכט לויף־עקזאַמענס און נאָך יעדן לויף־עקזאַמען האָט דער געסטאַפּאָ־דאָקטאָר פאַרשריבן עפּעס אין זיין נאָטיץ־בוך. קיינער האָט נישט געוווּסט, ווער עס האָט נושא־חן געווען ביי אים.

אַ טייל האָבן נאָכן עקזאַמען באַקומען צוריק זייערע קליידער (מיר זיינען געלאָפן נאַקעט) און די וועלכע זיינען פאַרבליבן נאַקעט, זייער גזר־דין איז געווען: קרעמאַטאָריום. נאָך דער צווייטער לויפעניש, זיינען אַדורכגעפאַלן מענדל נאסאק און דוד פּוטער. מענדל האָט פאַרשטאַנען, אַז זיינע שעהן זיינען געציילטע. ער האָט זיך דאַן געווענדעט צו אונדז בזה הלשון: „ברידער, קאָלער יידן! איך גיי היינט אַוועק פון דער וועלט. לאָמיר אַלע זיך אָנזעגענען, ווו מיר געפינען זיך, און דאַווענען „מינחה". איך וועל זאָגן קדיש נאָך מיר אַליין".

זיין לעצטער ווונטש איז דערפילט געוואָרן. מער האָבן מיר אים נישט געזען.

ו. דער לעצטער וועג פון לייבל לוקסנבורג

אין פעברואר 1944, אין יאַוואָרזשנע — אויסער־קאָמאַנדע אוישוויץ.

צענטליקער פאַרשיקטע אין לאַגער האָבן מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן די גיהינום־עינויים און יעדער טאָג פון צוואַנגס־אַרבעט איז געווען אַ טאָג פון גסיסה־יסורים: נישט אַהין און נישט אַהער. דערשעפּטע זיינען זיי געפאַלן אין מיטן דער אַרבעט און די קללות און קלעפּ פון די קאַפּאָס, האָט זיי צוריק צו דער אַרבעט געשטעלט. עס איז נישט געווען די מינדעסטע אויססיכט, אַז דער

מאָרגן זאָל ברענגען אַ פאַרלייכטערונג. גרופן־גרופן פון אָפּגעשטאַנענע האָבן זיך דאַן פרייוויליק געמאָלדן צום אויפזועער און געבעטן, מען זאָל זיי שיקן אין קרעמאַטאָריום — ענדיקן וואָס פריער...

צווישן דער קאָלער גרופע האָבן זיך געפונען: לייבל לוקסנבורג, מאַנטשיק, יעקב מענכע, גרונם מענכע, חיים שאלאדאווסקי, מאיר שטייער, משה לעווקאָוויטש, יעקב לאַסק און מיטלמאַן (דער זון פון יידישן קאָוואַל).

לייבל לוקסענבורג, איז געווען מיין שכן אויף דער פריטשע. מיר האָבן פיל גערעדט וועגן אונדזערע ליידן — און אַן אויער, וואָס הערט, איז אויך אַ טרייסט. לייבל האָט זיך נישט געקאָנט שענקען, פאַרוואָס ער האָט נישט עולה געווען. „איך האָב געשיקט צענטליקער מיט עליה ב׳ און אַליין בין איך געבליבן״. זיין איינציקע האָפנונג איז געווען: די משפחה וועט נישט אָפּגעמעקט ווערן — זיין ברודער און שוועסטער געפינען זיך אין ישראל.

אין לעצטן טאָג, פאַר זיין אַוועקגיין, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— די פיס זיינען ביי מיר אָנגעשוואָלן, די קלעפּ צעברעכן מיר מאָראַליש און פיזיש, איך האָב מער קיין מוט נישט צו בעטן ביי מיינע אַרבעטס־חברים, אַז זיי זאָלן טאָן פאַר מיר אַ טייל פון דער אַרבעט. זיי אַליין לעבן קוים, איך וויל נישט פאַלן אויף זיי צו לאַסט.

און ווידער האָט ער געגומען דערמאָנען ארץ־ישראל און געזאָגט:

— אויב דו וועסט זוכה זיין — — —

מען האָט אים אין מיטן ריידן צוגענומען פון מיר און צוזאַמען מיט זיינע בני־עיר אַוועק און מער נישט צוריקגעקומען.

רעגינא קאנינסקא

# יאָרן פון פּיין

### א. לאחר יאוש

וואַרשע, יאָר 1942.

עס רעדט זיך דאָ וועגן די שווערע חדשים פאַר דער ליקווידאַציע. אַ גרויסער טייל פון די אַנטלאָפענע, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין געטאָ, האָבן איינציקווייז אויסגעגעבן די לעצטע אָפּגעשפּאָרטע געלטער און ווערטפולע זאַכן. צו פאַרקויפן, איז שוין נישט געווען וואָס — עס האָט געדראָט אַ הונגער־טויט.

צו מיין גרויסער פאַרצווייפלונג, איז נאָך צוגעקומען אַ נייע אומגליק: מיין שוועסטער איז קראַנק געוואָרן אויף פלעקן־טיפוס. וואָס טוט מען, אַז עס זאָל נישט צוקומען אַ פרישער קבר?

פון אַלע פלענער און אויסזיכטן, איז געבליבן דער לעצטער אַלטער אויסוועג: זוכן אַ הלוואה. אפשר וועט זי ברענגען אַ רעטונג. איך גיי אַרויס אין גאַס און צו מיין גרויסער שטוינונג באַגעגן איך באַלד סיני ברוקשטיינס זון — דעם דאָקטאָר. ער שמייכלט צו מיר, ווי ער וויל מיר אָנזאָגן אַ גוטע בשורה. איידער איך וויל אים אויסוויינען מיין האַרץ, זאָגט ער צו מיר:

— יאָשע קאַנינסקיס פרוי, האָט דיר געשיקט 500 זלאָטעס.

— דאָס איז אַ ישועה פון הימל! — האָב איך אויסגעשריען — וווּנדער איבער וווּנדער.

עס איז נישט געווען קיין צייט זיך אויסצופרעגן אויף באַקאַנטע.

איך בין צוריקגעגאַנגען אַ האָפערדיקע אין שטוב, מיט שטאָלץ געקוקט אויף אַלעמען. איין זאַך איז געווען פאַר מיר קלאָר: מיר האָבן פראָלאָנגירט דעם טערמין פון אונדזער פאַרניכטונג.

### ב. קיין מיידאַנעק

דעם 1־טן מאַי 1943, האָב איך זיך געפונען אין בונקער אויף מילע 13. צוזאַמען מיט מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן: חיים ליפקע און זיין פרוי, לאלא קאַנינסקא און איר קינד, אסתר שמוקלערסקא און וואַרשעווער יידן, ווי אויך פּליטים פון דער פּראָווינץ.

דער בונקער האָט געהאַט קליינע פענצטערלעך און דורך זיי האָט מען אָבסערווירט, וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. אין אים האָבן מיר פאַרבראַכט כמעט

אַ גאַנצן טאָג. ביינאַכט האָבן מיר זיך אַריינגעשלייכט אין די וווינונגען, ווייל די נאַציס האָבן מורא געהאַט אַדורכצופירן זייערע „אַקציעס״ אין דער פינצטערניש.

וויאַזוי איך בין אָנגעקומען אין דעם בונקער — דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. אין איינעם פון די קריטישע טעג, ווען איך בין געגאַנגען ערליידיקן אַן ענין אין קליינעם געטאָ (אויף דער פּראָסטע־גאַס), האָב איך געטראָפן דעם יינגן כאַנאַכאָוויטש, ער האָט מיר אָפּגעשטעקט אַ בריוול פון מיין שוועסטער. דער אינהאַלט איז געווען אַ וואָרענונג: „פאַר נישט קיין פּאַניאַטאָווו, קום צו אונדז, מיר האָבן אַ גוטן בונקער!״

איך האָב זיך אַריינגעשמוגלט אין דעם גרויסן געטאָ און בשלום אָנגעקומען.

אין דעם אויבנדערמאָנטן טאָג האָבן מיר געזען דורכן פענצטערל, די שטיוול פון אַ געסטאַפּאָ־זשאַנדאַרם, ווי אויך שיך פון אַ ציווילן מענטש, וואָס איז געווען פאַרדעכטיק. זיכער איז דאָס נישט קיין ייד!

עס איז אונדז אַלעמען געווען קלאָר, אַז דאָס זוכן זיי פאַרמאַסקירטע באַהעלטענישן. דער ווילן צום לעבן, איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן געלייגט האָפענונג אויף דער קופּע פעדערן, וועלכע האָט פאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אויסגעפלינדערט אָרט, אַ חורבה.

פון דרויסן זיינען דערגאַנגען צו אונדז די רופן:

— יידן אַרויס, מיר צינדן אונטער די הייזער! גיט זיך אונטער!

קיינער האָט נישט געענטפערט.

פּלוצים האָבן מיר געהערט אַ יובלדיקן אויסגעשריי:

— היר איז ער!

מיר זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די מערדער און ווי טויזנטער אַנדערע יידן, האָט מען אונדז אַוועקגעשיקט אין פאַרמאַכטע לאַסט־וואַגאָנעס קיין מיידאַנעק.

כמעט אַלע קאָלער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם טראַנספּאָרט, זיינען אָנגעקומען לעבעדיק אין טויט־לאַגער. עס האָט געפעלט בלויז די פרוי אסתר שמוקלערסקאַ, וועלכע איז פאַרהאַלטן געוואָרן אויפן וועג, בשעת אַ סעלעקציע.

## ג. דער עפּילאָג

אין מיידאַנעק בין איך צוגעטיילט געוואָרן צו די אַרבעטנדיקע אין פרויען־לאַגער. מיין אַרבעט איז געווען — אָפּהיטן די ריינקייט פונעם אָרט.

אין איינעם אַ טאָג האָב איך דורכן שטעכל־דראָט־פאַרצוימונג דערזען יצחק וורזאָנע. ער האָט מיר אָנגעמערקט דורך סימנים, אַז זיין פוס איז פאַרווונדעט און ער האָט נישט קיין סמאַטע, וואָס זאָל דינען אַלס באַנדאַזש.

גראָד איז קיין קאַפּאָ נישט געווען אין דער אומגעגנט. איך האָב צוריסן אַן

אַלטן קאַץ און דעם געפאָדערטן שטאָף אים אַריבערגעוואָרפן. עס איז געלונגען. האָלט מען עס באַמערקט, באַצאָלט מען פאַר אַזאַ טובה מיטן קאָפּ.

דורך דעם דראָט־פאַרצוימונג, האָב איך אויך געזען אברהם העכט.

בעת דער סעלעקציע אין מיידאַנעק, זיינען אומגעקומען: רוטא ברוקשטיין, גוטא סטריקאַווסקא, חיים און לאלא ליפקע.



קיר־הזכרון בבית־המדרש, עליו חתימות הניספים
די זכרון־וואַנט אין בית־מדרש מיט די חתימות פון די אומגעקומענע

**פישל ראוף**

# אין איזשביצא־לובעלסקא

צוויי טעג פאַר דער מלחמה־מאָביליזאַציע, האָב איך אַרויסגעשיקט מיין פאַמיליע פון פויזן, ווו עס האָבן געבושעוועט די ענדעקישע כוליגאַנעס, קיין קאָלאָ. איך בין געבליבן אין שטאָט און גערעכנט, אַז די לאַגע וועט זיך ענדערן צום גוטן. דעם צווייטן סעפטעמבער האָב איך עוקר געווען פון פויזן, ווייל איך בין געווען טעטיק אין דער אַנטי־היטלער באַוועגונג און די „פאָלקס־דייטשן" האָבן דאָ אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אַ לאַסט־צוג האָט מיך געבראַכט דעם 5־טן סעפטעמבער צוריק אין מיין געבוירן־שטאָט.

מיינע בני־בית האָב איך נישט געטראָפן. מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז זיי זיינען אַוועק קיין לענטשיץ. היות קיין ראַד־פאַרקער איז נישט געווען, האָב איך זיך געלאָזט צופוס אין וועג אַריין.

וואָס עס איז דאַן פאָרגעקומען אויף די וועגן, איז דאָך באַוווּסט. איבער גופים און פגרים, האָבן מענטשן געשפּאַנט און געזוכט אַ רעטונג, אַ באַהעלטעניש. גליקלעכערווייז בין איך אָנגעקומען קיין לענטשיץ. דאָ האָט מען באַשלאָסן צו שפּאַנען ווייטער, פאָרן אין פאַרשידענע ריכטונגען. וווהין מיר זיינען געקומען, האָט מען אונדז געוואָרנט, אַז די דייטשן געפינען זיך נאָענט. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען זיינען מיר צוריקגעפאָרן קיין קאָלאָ.

דער 12 סעפטעמבער 1939. די שטימונג אין שטאָט איז אַ שרעקלעכע. קיינער האָט נישט געוואָלט משלים זיין מיט די קלאַנגען, וועלכע זיינען דערגאַנגען צו אונדז. מען האָט זיך פאַרמאַכט אין די וווינונגען און מורא געהאַט אַרויסצוגיין אויף דער גאַס.

די ידיעות וועגן די נאַצישע גרויל־טאַטן, האָבן זיך באַשטעטיקט, מיר האָבן זיי געזען טאָג־טעגלעך. די ערגסטע פון זיי — גירושים אין אומבאַוווּסטע ערטער, דאָס אויסרייסן איינגעוווּרצלטע פאַמיליעס פון זייערע היימען.

אויך אויף מיר איז געפאַלן דער גורל פון גירוש: מיך און מיינע בני־בית, האָט מען געבראַכט אין בנין פון דער „אָכראַנקע", פון דאַנען וועט מען אונדז טראַנספּאָרטירן ווייטער. ווען איך בין אָנגעקומען אויפן דערמאָנטן פּלאַץ, האָבן זיך שוין דאָ געפונען עטלעכע הונדערט נפשות.

דריי טעג זיינען מיר געזעסן אין דער „אָכראַנקע" און אָנגעהערט זיך פאַרשידענעס וועגן דער „צוקונפט" פון אונדזער „קאָנצענטראַציע־לאַגער". איך האָב זיך דערוווּסט, אַז די נאַציס וועלן אין אַן אָוונט אַדורכפירן אַן אונטערזוכונג,

כדי צו זען דאָס רייכטום פון יעדן איינעם. ביי יעדן איינעם וועט מען קאָנפיסקירן דאָס פאַרבאַהאַלטענע געלט און צירונג — די אינהאַבער וועלן שטרענג באַשטראָפט ווערן.

די אינפאָרמאַציע האָב איך גלייך איבערגעגעבן מיינע חברים לצרה. מען האָט געמאַכט אַליין אַ קאָנטראָלע. אין די ברענענדיקע אויוונס אַריינגעוואָרפן פּעק זלאָטעס און דאָלאַרן. די, וועלכע האָבן נישט פאַרמאָגט קיין 50 זלאָטעס (אַ סומע, וואָס מען האָט געמעגט מיטנעמען), זיינען „רייך" געוואָרן בשעת דער שריפה. אַ טייל מענטשן האָבן פאַרשטעקט זייער האָב און גוטס אין באַהעלטענישן.

די אונטערזוכונג האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. ווען די זשאַנדאַרמען זיינען אַוועק, האָט זיך אַנגעהויבן אַ קריגעריי: די פאַרשטעקטע „אוצרות", האָבן די באַהאַלטער נישט געפונען און דאָ האָט זיך אַנגעהויבן אַ פּרשה פון חשדים. אַ קאָמיסיע פון די אינטערנירטע האָט גענומען די זאַך אויספאָרשן און אַלץ איז אַדורך בשלום, אָן דער אַריינמישונג פון זשאַנדאַרמען.

דעם 8 סעפּטעמבער אין דער פרי, האָבן מיר באַקומען אַ מעלדונג, אַז היינט וועלן מיר טראַנספּאָרטירט ווערן. די זשאַנדאַרמען האָבן נישט אָנגערופן דעם נאָמען פונם אָרט און אונדז געמוטיקט: איר וועט אין אייער נייעם מקום באַקומען געשעפטן, ווערקשטעלן און מעגלעכקייטן אָנצוהויבן אַ ניי לעבן. נאָך דער הבטחה, איז געקומען אַ וואָרנונג: ווער עס וועט אַנטלויפן פון צוג צום באַנהויף, אַרויס־טרעטן פון דער ריי, וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן.

ווי אין הירשנבערגס בילד „גלות", האָט אויסגעזען אונדזער מאַרש צו דער באַן. מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אין עטלעכע צענטליק וואַגאָנעס, לאַסט־וואַגאָנעס. אַדוואָקאַט ביימאַן און איך, האָבן געמוזט אַכטונג געבן, אַז די פאַראָרדע־נונגען זאָלן פּינקטלעך אויסגעפירט ווערן. פערציק נפשות אין אַ וואַגאָן. אויב עס וועט פעלן עמעצער פון די טראַנספּאָרטירטע, וועלן מיר באַצאָלן מיטן קאָפּ.

איידער דער צוג האָט גערירט, איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט קאָנדענסירטע מילך — אַ מתנה פון דער קהילה, אַ צוגאָב צום שפּייז, וואָס זי האָט געשיקט. דער קאָלער בירגערמייסטער, האָט זיך דאָן געווענדעט צו מיר און צו ניימאַנען, אַלס פאַראַנטוואָרטלעכע, אַז מיר זאָלן צוזאַמען מיט אונדזערע פאַמיליעס פאַרנעמען אַן אָרט אין פאַסאַזשיר־וואַגאָן. מיר האָבן אָפּגעזאָגט, נישט געוואָלט געניסן פון דער פּראָטעקציע.

צוויי טעג און דריי נעכט האָט זיך דער צוג געשלעפּט פון סטאַציע צו סטאַציע. אויפן דריטן טאָג האָט מען געעפנט די וואַגאָנעס און מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז דער צוג געפינט זיך אין דעמבלין. נאָך אַן אויפהאַלטן פון עטלעכע שעה, האָט דער צוג גערירט פונם אָרט. אַ געוויסע צייט האָט דער צוג מאַנעווורירט אויף אַ בריק, געפאָרן אַהין און צוריק, אַ פּאַניק איז באַפאַלן די מענטשן. נאָך אַ שעה רייזע זיינען מיר אָנגעקומען אויפן באַשטימטן אָרט.

פינף מינוט צייט האָט מען אונדז געגעבן אויף צו פאַרלאָזן די וואַגאָנעס. די זשאַנדאַרמען האָבן געטריבן און געשלאָגן, מיט וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין האַנט און געקאָפּעט מיט די פיס. דאָס איז געווען דער „וואַרימער" קבלת־פנים אין פּראָסטיקן טאָג.

מיר זיינען אָנגעקומען קיין איזשביצא לובעלסקאַ. די אָרטיקע יידן האָבן געטאָן אַלץ, וואָס איז מעגלעך כדי צו פאַרלייכטערן דעם גלות. מיר האָבן זיך געפילט צווישן יידן־רחמנים בני רחמנים. נישט קיין לייכטע אויפגאַבע איז דאָס געווען פאַר זיי: מיט עטלעכע טעג פאַר אונדזער אָנקום, איז געקומען אַהער אַ טראַנספּאָרט מיט לאָדזשער יידן — 1500 נפשות. די צאָל מענטשן אין שטעטל איז פאַרטאָפּלט געוואָרן. די ענגשאַפט איז געוואָרן נישט איבערצוטראָגן. דער טראַנספּאָרט פון קאָלאָ האָט געציילט 1300 נפשות.

אין איזשביצא האָב איך נישט געזען קיין ברוקירטע גאַסן און אין די ווינטער־טעג האָט דאָס שטעטל זיך געבאָדן אין בלאָטע. די נאַציס האָבן באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן די „אוליצעס" מאַכן „זויבער" און געצוווּנגען דעם אָרטיקן יודן־ראַט צו מאָביליזירן די פּליטים צו צוואַנגס־אַרבעט.

איך וועל נישט באַשרייבן די פּרשה, די דורכגעווייקטע מיט בלוט און טרערן. זי האָט באַשווערט די אַרבעט פון די... חברה קדישא. דאָס איז נישט געווען דאָס ערגסטע. עס זיינען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות, אַז יעדן טאָג פאָרט אַדורך אַ פאַרשלאָסענער צוג פון לובלין אין דער ריכטונג פון זאַמאָשטש. גויים האָבן דערציילט גרוילעכע זאַכן וועגן אַ געהיימנישפולן לאַגער אין דער געגנט פון בעלזשעץ. יעדן טאָג דערהערן זיך דאָרט שוידערלעכע געשרייען און באַלד ווערט שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם. אין שטעטל איז געווען חושך. דער שטורמפירער, ד"ר ענגעלס, האָט יעדן טאָג געמוזט האָבן זיין קרבן. איינמאָל, גייענדיק אין שטאָט, האָב איך געזען ווי דער דערמאָנטער רוצח פאַרהאַלט אַ יידן. ער זידלט אים און שלאָגט אים מכות רצח. אַלע יידן זיינען אַנטלאָפן. פלוצים האָב איך דערהערט דריי שאָסן. און באַלד אַן אויסגעשריי פון ס. ס.־מאַן: „יודען, איר וועט אַלע אויס־געשאָסן ווערן, אַז איר וועט נישט צונעמען דעם... (דאַ קומען באַליידיקנדע ווערטער). אַזוי ווי קיינער האָט זיך נישט באַוויזן, איז ער אַריין אין ערשטן הויז, אַרויסגעשלעפּט אַ אַלטן ייד און 2 פרויען און זיי באַפוילן אָפּצורוימען דעם קרבן, וואָס איז געלעגן אין אַ קאַלוזשע בלוט. איך בין אַרויס פון מיין באַהעלטעניש און געאיילט צו הילף. איך האָב אויפגעציטערט, ווען איך האָב געזען, אַז דער דערמאָרדעטער איז מיין יוגנט־חבר יעקב קאָנינסקי. אַלע פלענער וועגן נקמה זיינען צערונען.

גרופּעס אַרעסטירטע יידן זיינען פאַרשיקט געוואָרן און מער האָט מען פון זיי נישט געהערט. אין אַ געוויסן טאָג האָט מען געפונען דעם אַלטן חיים ניימאַן און זיין פרוי אין אַ קאַלוזשע בלוט. זייער חטא: ביינאַכט האָבן זיי אָנגעצונדן ליכט אין

דער וווינונג. די גיהינום־לײדן האָבן אָנגעהאַלטן ביז פּורים 1942.

שמעון שוואַרץ פון קאָלאָ איז צו מיר אַרײַן אין אַן אָוונט און מיר דערציילט, אַז אין יודנראַט איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז דאָס שטעטל וועט צומאָרגנס אַרומגע־רינגלט ווערן און ס. ס.־לייט וועלן אַלץ ליקווידירן. ווער עס קען זיך ראַטעווען זאָל עס טאָן, אפשר וועלן יחידים בלייבן לעבן. שמעון האָט זיך מיט אונדז געזעגנט און זיין פינצטער פנים האָט געזאָגט: מאָרגן וועט אפשר זיין דער סוף!..

נאָך זיין אַוועקגיין, האָב איך פאָרגעלייגט מיינע באַקאַנטע און קרובים, זיך אויסבאַהאַלטן, זאָל יעדער האַנדלען ווי ער פאַרשטייט. נישטאָ קיין רפואה פאַר אַ קאָלעקטיוו, זאָלן 2—3 געפינען אַ באַהעלטעניש אין יעדע גרופּע זאָל זיך פאַרלאָזן אויפן אייגענעם גורל.

ביינאַכט האָבן מיר זיך גענומען צו דער אַרבעט. עס זיינען געבויט געוואָרן טאָפּלטע ווענט, געגראָבן בונקערס אונטער די פּאָדלאָגעס. מיר האָבן געוווינט אין עק שטעטל און אונדזער רייע איז די לעצטע.

ליגנדיק אין די באַהעלטענישן, האָבן מיר געהערט: יודן, אַרויס! ווער עס וועט געכאַפּט ווערן, וועט מיטן לעבן באַצאָלן! אַ געוויין פון אַ קינד האָט אויפגעדעקט אַ באַהעלטעניש. אַ זיגרייכער יובל־געשריי פון די ווילדע בעסטיעס, האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז זיי האָבן זייער קרבן געפונען.

אויך צומאָרגנס האָבן מיר מורא געהאַט דעם קאָפּ אַרויסצושטעקן. אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט 2 טעג און 1 נאַכט. ווען די צווייטע נאַכט איז צוגעפאַלן, האָב איך באַשלאָסן צו גיין אין שטעטל זיך דערוויסן נייעס. אַ שווערן קאַמף האָב איך געפירט מיט מיין פאַמיליע. איך בין אַרויס פון דער גרוב, זיך פאַרשטענדיקט מיט נאָך דריי פאַמיליעס, צווישן זיי איז געווען מיין ברודער שמחה. נאָך אַ באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן צו וואַרפן גורל ווער זאָל גיין אין שטעטל. די אויפגאַבע איז געפאַלן אויף מיין ברודער שמחה.

פאַר זיין גיין האָבן מיר באַזוכט אונדזערע וווינונגען און געזען, אַז זיי זיינען באַרויבט געוואָרן. די פּאָליאַקן האָבן אויסגענוצט די סיטואַציע און צוגענומען דאָס לעצטע ביסל אָרימקייט.

די שליחות פון ברודער און די שפּאַנונג — ווער איז בכוח דאָס איבערצוגעבן. אין דער פינצטערניש האָט ער זיך אַריינגעשלייכט דורך אַ וואַלד אין שטעטל און גליקלעכערווייז צוריקגעקומען אַ נישט־באַשעדיקטער. דאָ הויבט זיך אָן אַ נייע פּרשה.

*

נאָך דער ערשטער פאַרניכטונגס־אַקציע, זיינען אַדורך אַכט טעג. די לעבן־געבליבענע האָבן איינציקווייז אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אין די גאַסן. פון די קאָלער יידן זיינען געבליבן עטלעכע צענטליקער נפשות.

אין שטאָט זיינען אָנגעקומען נייע טראַנספּאָרטן יידן פון האָלאַנד, טשעכיע, בעלגיע, דייטשלאַנד און אַנדערע אָקופּירטע לענדער.

עס איז אַרויס אַ נייע גזירה: די יידן מוזן צושטעלן דער מאַכט: וואַרימע וועש, פּעלצן, קליידער. יעדן איז דערלויבט צו האָבן איין אַנצוג און 2 פּאָר אונטערוועש. אַלץ האָט מען צוגענומען, אַפילו לעדערנע וואַליזעס. פאַר נישט אויספירן דעם באַפעל, האָט געדראָט טויט־שטראָף.

דעם 2־טן טאָג חול־המועד פּסח, האָבן די נאַציס מיט דער הילף פון די אָרטיקע פייערלעשער, אַרומגערינגלט דאָס גאַנצע שטעטל און אַלע אַרויסגעפירט צום נייעם „טראַנספּאָרט". די פייערלעשער האָבן אַנטדעקט אַלע באַהעלטענישן און אויך איך בין דאָס מאָל אַריינגעפאַלן.

מיין פרוי און טאָכטער זיינען ניצול געוואָרן. זיי האָבן זיך געפונען אין גאַס אָרעם־בענדער און זיך פאַרגעשטעלט אַלס אַריערינס. פון שטאָט זיינען זיי אַוועק אין נאָענטן דאָרף.

צען אַזייגער אין דער פרי איז דער „טראַנספּאָרט" אַוועק צום פאַרניכטונגס־לאַגער אין בעלזשעץ. איך און מיין ברודער שמחה, האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן. דער פּלאַן איז געווען אַזאַ: מיר וועלן אָפּשרויפן די קראַטע פון פענצטער־וואַגאָן און ביי אַ געלעגנהייט אַרויסשפּרינגען. ווען דער צוג האָט פאַרלאַנגזאַמט זיין פאָרן צוליב דער רעלסן־בייגונג, זיינען מיר אַרויסגעשפּרונגען, דאָס זעלבע האָבן געטון אַנדערע.

די באַן־וועכטער האָבן דאָס באַמערקט און אָנגעהויבן שיסן אויף די אַנטלויפנדיקע. מיין זון וואָס איז געווען מיט אונדז, איז געפאַלן אַ קרבן. איך בין נישט מסוגל צו באַשרייבן מיין דאַמאָלסדיקע לאַגע...

די לעבנגעבליבענע האָבן 3 נעכט געוואַנדערט, אַ גוי האָט זיך מרחם געווען אויף אונדז און ביי אים האָבן מיר געפונען אַ באַהעלטעניש.

מיט דער הילף פון באַקאַנטע פויערן האָבן מיר אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט מיין פרוי און טאָכטער.

דריי וואָכן האָבן מיר פאַרבראַכט אין באַהעלטעניש, ביז עס איז אוממעגלעך געוואָרן ווייטער צו פאַרבלייבן אין דער סביבה. די נאַציס האָבן באַשלאָסן צו פאַרניכטן יעדן פוילישן ייד. ביי דער נייער סעלעקציע זיינען אומגעקומען שמעון שוואַרץ און זיין פאַמיליע, אַדוואָקאַט בוימאַן, וועלכער איז אומגעקומען אויף אַ בעסטיאַלן אופן.

פון איזשביצא־לובעלסקא זיינען מיר אַוועק קיין קיעלץ — און דאָ הויבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל וואַנדערנישן.

*

מיט אַ צייט צוריק האָט מען פון האַמבורג מיטגעטיילט, אַז דער היטלעריסטישער מערדער ד״ר ענגעלס איז אַרעסטירט געוואָרן און מען זוכט עדות, כדי פאָרפירן קעגן אים אַ פּראָצעס. נאַטירלעך, אַז איך האָב זיך געמאָלדן. איצט געפינט זיך די אנגעלעגענהייט ביי אונדזער משרד־החוץ, מיט וועלכן איך שטיי אין פאַרבינדונג כדי אויפצוטרעטן אַלס איינער פון די הויפּט־עדות.

מיין פאַרלאַנג איז געווען, אַז מען זאָל דעם מערדער אַנטדעקן, און נאָך אַזויפיל יאָרן איז ער דערפילט געוואָרן.



בית־הנתיבות בקולו — קאָלער באַן־וואָקזאַל

יצחק שולץ

# זעקס יאָר אין נאַצי־גיהינום

איך וויל בקיצור פאַרצייכענען נאָר אַ טייל פון מיינע עינויים און ראַנגלענישן אין די טויט־לאַגערן. ווייל וואָס עס האָט פּאַסירט מיט מיר, האָט דאָך געטראָפן דעם רוב פון דער קאָלער יוגנט.

צווישן די ערשטע דריי קאָלער יידן, וועלכע זיינען געכאַפּט געוואָרן דורך די ס. ס.־לייט, כדי צו פאַרדעקן די בעסטיאַלע מעשים, בין איך געווען. זיי האָבן אונדז אַריינגעפירט אין נעלקענס הויז, אין דער וווינונג פון אַלטן יוסף ראזען, און מיט קאַלט בלוט אים דערמאָרדעט. אין הויף האָבן מיר געמוזט אים באַערדיקן און נאָכער אָפּרייניקן דעם צימער, עס זאָל נישט בלייבן קיין סימן פון די בלוט־פלעקן.

— דער פאַל מוז בלייבן אַ געהיימניש — האָבן זיי אונדז געדראָט — אין קעגנפאַל, וועט איר ווי די הינט דערשאָסן ווערן!

*

וואָס קען מען נאָך דערציילן וועגן די פאַרשיקונגען און עס איז שוין נישט דערציילט געוואָרן?

אפשר וועלן מיינע שורות פאַראייביקן עטלעכע נעמען פון קאָלער יינגע לעבנס, וועלכע האָבן נישט זוכה געווען צו זיין מיט אונדז. אין 1941 האָב איך געאַרבעט אין די פויזנער לאַגערן בוכענוואַלד און רעמו, צוזאַמען מיט משה יודקעוויטש, הילל לעווקאָוויטש, אברהם פּאָזנאַנסקי, פּינחס נאשעלסקי, שלמה טארזשאן און משה לעווין — קיינער פון זיי איז נישט געבליבן. מגיפות, הונגער, טויט־שטראָפן האָבן פאַרשניטן דאָס לעבן פון טויזנטער און די דערמאָנטע צווישן זיי.

*

נאָך ווינציק ווייסט מען וועגן די באַשעפטיקונגען פון די לאַגעריסטן, הגם עס איז שוין אַזויפיל דערציילט געוואָרן וועגן דעם. אַ גרופּע פון קאָלער יידן זיינען געצוווּנגען געוואָרן צו ליקווידירן אַ קריסטלעכן בית־עולם אין פויזן, איבערפירן די טרומנעס אין אַ צווייטן פּלאַץ. די אומרייניקייטן פון די האַלב־פאַרפוילטע טרומנעס, האָבן זיך צוגעקלעפּט צו אונדזער גוף, און דאָך האָבן מיר געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ לייכטע אַרבעט. מען האָט די לאַגעריסטן טאָג־טעגלעך געשטעלט אויג אויף אויג מיטן טויט: אויב איר ווילט נישט אַ קויל אין קאָפּ, ווערט קבֿרנים!

*

פיל מאָל איז מיין לעבן געשטאַנען אונטער אַ פראַגעצייכן, אָבער דער טויט האָט זיך גאָר נאָענט צו מיר דערנענטערט, ווען איך האָב געוואָלט פאַרבאָרגן אַ לאַבן ברויט און אים ברענגען צו מיינע חברים.

מעשה שהיה כך היה. נאָך אַ לענגערע קראַנקהייט האָט מען מיך איינגע־אָרדנט ביי דער אַרבעט אין דער לאַגער־וועשעריי. איך בין געקומען אין קאָנטאַקט מיט דעם דרויסן און געקויפט אַ ברויט. כדי מען זאָל מיך נישט כאַפּןביים אַריינפירן דאָס „טרייף־פסולע", האָב איך דעם לאַבן באַהאַלטן אין אַ פּאַק וועש און... געשטרויכלט געוואָרן. דער לאַגער־אויפזעער, אַ פּאָליאַק, האָט עס באַמערקט. מיין לעבן איז געהאַנגען אויף אַ האָר. די בקשה, אַז ער זאָל דאָס נישט איבערגעבן דעם ס. ס.־קאָמאַנדיר, האָט קעגן מיין צווייפל און אומגלויבן געהאָלפן. עס זיינען מיר באַשערט געווען נאָך יאָרן פון ליידן און פּיין.

*

אין יאָר 1943. וואַלשטיין, אויסשוויץ. מיין מזל איז געווען, אַז צווישן די, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער ריי, ווו מען האָט אויסגעקליבן לחיים ולמוות, איז געפאַלן אויף מיר דער באַפעל „רעכטס!"

מיט מיר זיינען דאַן געווען: גערמאַן און ברוקשטיין און נאָך עטלעכע פון קאָלאָ. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז געווען די לעצטע פייער־פּראָבע.

אַ גרויסע אויפשריפט אין לאַגער: „אַרבעט מאַכט דאָס לעבן פריי!" האָט צוגעזאָגט לעבן. צי קאָן מען גלויבן די נאַציס, וואָס האָבן אונדז אָפּגענאַרט טאָג־טעגלעך? נאָכן באָד האָבן מיר באַקומען אַרבעטס־קליידער: ווינטער־מלבושים און שיך מיט הילצערנע זוילן. דאָס איז געווען אין די הייסע זומער־טעג, ווען די היץ איז געווען גרויס. אַ טאָג און אַ נאַכט האָבן מיר געוואַרט אויפן נומער — דער סטעמפּל אויפן האַנט — דער סטעמפּל פון פאַרשקלאַפונג.

ווען מיר האָבן דאָס דערגרייכט — (נישט יעדער האָט דערצו זוכה געווען) האָט מען אונדז געשיקט קיין שויטערלאַוויצע, צו קאַטאָרזשנע אַרבעט. ווייניק האָבן עס אויסגעהאַלטן.

*

אַז מען דערמאָנט זיך דאָס לעצטע יאָר פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, גייט אַ שוידער אַדורך דעם לייב. אַזוי נאָענט צום ציל און דאָך אַזוי ווייט פון לעבן. עס איז נישט אמת, אַז די אַפּאַטיע האָט דערדריקט און מענטשן זיינען געווען גלייכגילטיק: לעבן אָדער טויט — אַלץ איינס.

דער וועג קיין מאטהויזן, איז אויך געווען אַ מין קרעמאַטאָריע... דער באַן צוג איז באָמבאַרדירט געוואָרן און הונדערטער האָבן געענדיקט מיטן לעבן: פאַרברענט געוואָרן פון די צינד און אויפרייס באָמבעס.

*

אין דרעזדן. אין די מערץ־רעגנס, גייען מיר אַרום באָרוועס און מענטשן פאַלן ווי פליגן. עסן — גליקלעך איז דער, וואָס קאָן ערגעץ באַקומען קאַרטאָפל־שאָלעכץ, אַ צוגאָב צו זיין קאַרגן שפייז, צו זיין הונגער־פּאַרציע. עס האָבן אונדז פאַרכאַפּט די אַנגריפן אויף דייטשלאַנד, מיר האָבן אין שלאָף געהערט די טריט פון די אַליאירטע כוחות, וועלכע קומען אויסלייזן.

*

ווען די נאַציס זיינען צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן און מיר זיינען באַפרייט געוואָרן פון גיהינום, נאָך יאָרן פון קוקן טאָג איין טאָג אויס דעם מלאך־המוות אין פּנים אַריין, זיינען מיר געווען דערשעפּט. עסן איז דאַן געווען לרוב, אָבער דער מאָגן האָט עס נישט פאַרנומען.

דאָ, אין דרעזדן, האָב איך אין די באַפרייאונגס טעג געטראָפן די ברידער ליפּנאָווסקי און קעניגס מאַכטער.

מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן קיין קאָלאָ: אפשר איז דאָרט פאַרבליבן אַ נאָענטער, אַ זכר פון אַ שטוב, אַ רמז פון אַ היים.

געטראָפן האָבן מיר — קברים.

# שפוך חמתך

כי הנה אויביך יערימו על עמך סוד —
תרועם בשבט ברזל, לא יקומו עוד.
רבש"ע, הקיצה! אל תזנח לנצח,
ידכאו עמך ה' ונחלתך יענו ברצח...
אמרו: נכחידם מגוי ולא יזכר שמם!
למה פניך תסתיר מעבדך יעקב התם?

בל תשכח, אדני, את ענינו ולחצנו!
נבלת עבדיך הביטה, ונקם תשיב לצרינו!

זדים העלו על מוקדי אש, על מטבח,
את עמך ישראל עוקדים על המזבח.
במהרה בימינו תביס את צרנו המרצח.

**כתריאל בן זאב שלדובסקי ז"ל**

(אקרוסטיכון זה נכתב בימי מסע־השמד של הנאצים בשנת תש"א, בסגנון הקינית של ימי הביניים).

**הרב יהושוע משה אהרונסון ז"ל**

# „מעשה קויל"

פאטעלניא — קאטארינקא — גאזאווניא[1]

**ממתים ידך ה' — ממתים מחלד — חלקם בחיים !**
**(תהילים י"ז — 14)**

בחורף שנת תש"ב, כשהיינו עוד בביתנו, שמועה שמענו ונמס כל לב, והיא כי קהילות עבריות שלמות, אנשים נשים וטף יהודים, מובלים באופן נורא מאוד להריגה, כצאן לטבח יובל, בכל יום ויום עיר אחרת. מקודם קיבלו צו, לשלם איזהו ימים מארק (במק"א * 8 מארק ועוד יותר) מס־גלגולת מכל נפש יהודי, במק"א אמרו שזה להוצאות הדרך, ובמק"א נתנו שם אחר (לצורך אימפונגען[2] וכדומה) ואחרי עבור איזהו שבועות באים אויטאס בלוית חברי הג' ומכניסים את כל היהודים לתוכם ונוסעים אתם למקום אי־ידוע, ומאז אין לנו שום ידיעה מהם. בכל עיר ועיר אבל גדול ליהודים, צום בכי ומספד. גוזרים תענית תפילה וצדקה, הרבה פורשים א"ע ממאכלות אסורים שהורגלו במשך שני המלחמה ונעשה להם כהיתר. הרבה בורחים למק"א ורבים לורשה. המצב ברחוב היהודים נורא ואיום, „גי־צלמות", דבר ברור אין ידוע. באמצע חודש ינואר (סטיצ'יען) 1942 כבר נודע לנו פשר דבר ע"י יהודי אחד, ששמו מיכל פאדכלעבניק מקויל (עכשיו ווארטאברי־קען). באחרונה דר בכפר בוגאי הסמוך לקויל. הוא סיפר לנו כך (כותב אני רק תוכן וקיצור הדברים פה ואם יעלה בידנו יכתוב מר אברהם זייף[3] באריכות כל פרטי הדברים באר היטב, וכל מה שיודע בענין זה) : ביום 9 בינואר 1942 באו לבוגאי חברי הג' ** ודרשו 15 אנשים גבורים וחזקים לעבודה על איזהו ימים (מאיזביצה לקחו ג"כ 15 אנשים), ופאדכלעבניק נלקח עמהם. למחרתו נסעו באוטו עד חצר חלמנא, עכשיו נקראת קולמהויף, הלא היא בין עיר קויל לדומביא. שם הניחו אותם במרתף ,יום השבת הי', ראו תיכף שלא טוב עמהם, כי מצאו על הכותל כתובים חרוזים שונים כמו : „יודען, ווייסט, דאס קיינער קומט פון דא נישט ארויס לעבענדיג",[4] ועוד. גם הי' להם שיחה מאחורי הפרגוד, כי בחדר השני של המרתף

---

* במקום אחד.

** הגסטפו.

[1] פאטעלניע, קאטאר׳נקא, גאזאווניא — מפולנית : מחבת, תיבת נגינה, תחנת גאז. כינויים בפי העם למחנה־המוות בחלמנו.

[2] אימפונגען — זריקות (גרמ').

[3] אברהם זייף — מאסירי המחנה בקונין, מיוצאי גוסטינין. מן המקורבים ביותר להרב אהרונסון. שם קץ לחייו בזמן המרידה של אחרוני האסירים.

[4] „יהודים ! דעו לכם כי איש אינו יוצא מכאן חיים" (יידיש).

ישבו ג״כ חבורה של יהודים אחרים, שסיפרו להם בדיוק נמרץ ממה שמתרחש בבית זה.

ביום הראשון לשבוע הי׳ שביתה, ישבו כל היום בצערם הנורא במרתפם. ביום השני בבוקר נלקחו מהם עשרים יהודים ונשלחו ליער, ועשרה נשארו במרתף, גם הוא — פאדכלעבניק — היה בין עשרה הנשארים. מזמן לזמן שמענו קול רעש גדול בצעקות איומות ומשונות, בכל פעם נשמע קול סאונו של אויטא, הנוגשים אצים בקראם: „מהר, מהר!״. קול פסיעות אנשים יחפים וקול צעקות נוראות („שמע ישראל!״ וכדומה) הגיעו לאזנינו, המשברות לב לרסיסים. במשך עשרה מינוטין נשקט קול הצעקות ואנחות עד ששקטו לגמרי. ואז בכל פעם אחרי עבור הרעש באו אליהם חברי ה„זאנדערקאמאנדע״ של הג׳ ולקחו אותם למעלה בזריזות גדולה וראו לפניהם מחזה נורא: בחדר גדול מונחים מפוזרים בגדים שונים — עליונים ותחתונים — מאנשים נשים וטף, מצווים אותם ליקח הכל כמו כשהוא — בחיפזון נמרץ — ולהניחם באולם שני גדול. שם מונחים כבר בגדים שונים — מכנסים אף מחוכים ומנעלים — עד אין מספר באי־סדר ואי־משטר בתערובות. בשגמרו עבודתם זו — להריק ולנקות את החדר הראשון מבגדים המפוזרים שמה בכל פינה ופינה — החזירו אותם למרתפם. וכן הי׳ כמה פעמים בכל יום.

למתרתו, ביום ג׳, נשארו אחרים והוא נלקח ונשלח ליער באויטא תחת שמירה גדולה, נסעו בערך 10 מינוטן מחעלמנא ליער הסמוך, שם קברו קברים גדולים מאד, חבורות היו מושפעים, רחבים מלמעלה וצרים מלמטה, בערך כל חצי שעה בא אויטא. היו חבורות יהודים מיוחדים שפתחו הדלת ויצא עשן קל שחור קצת, אז נתרחקו משם וכשפסק העשן לצאת, לקחו מאויטא גופים חמים ערומים (אנשים — רק במכנסים תחתונים, ונשים־בכתונת) וזרקו אותם ארצה. אז נגשו חברי הג׳ וצבתים בידם הלכו בין שורות החללים, ובדקו בהם ובמקומות המסתרים שבגופם אם לא הטמינו שם איזהו מטמון, כסף וזהב ואבנים יקרות. כל אשר מצאו לקחו, גם שיני־זהב הנתחבים בפה הקדושים לקחו ותלשו. ואחרי החיפוש לקחו שוב חבורה אחרת מאלו היהודים והשליכו אותם הבורה. שם כבר עמדו יהודים אחרים והטמינו אותם (הוא מיכל פאדכלעבניק הי׳ בראשונה למעלה אבל היות, שראה שאם אחד נחלש מכים אותו ואח״כ הורגים אותו, בחר לו לעמוד בבור למען לא יתראה כ״כ חוצה) ובין כך נסע האויטא לחלמנה, ובא שוב בחזרה וחוזר חלילה. בין ההרוגים הכיר ג״כ את אשתו ואת ילדיו. בערב כסו בעפר קצת הבור, ונסעו לחלמנה.

לפי סיפורו של פאדכלעבניק (ופאדכמיעלניר הנ״ל), נהרגו באופן כזה בחלמנה לערך 700—800 איש במשך יום אחד. חללי הקדושים הונחו בבור כדגים מלוחים, זאת אומרת: ראשו של זה בצד רגליו של זה ופניהם למטה. כל קבר הי׳ בערך 8 מטר רוחב, 6 מטר עומק, ובאורך גוף של איש. הגופות הונחו מתחתית הבור עד שפתו — ג׳ מאות קדושים. אורך הקבר הכללי היה גדול

עד מאוד, (בדיוק לא הי׳ יכול פאדכלעבניק להגיד, מפני שאחרי שכסהו לא הי׳ לבור שום צורת קבר). לבו הי׳ אז דומם כאבן, ועבד בבחינת מכונה, ובכלל כל העבודה שם הי׳ כעין בית תעשי׳ של קטל־רב. הקברנים היהודים אשר לא יכלו להוסיף לעבוד את עבודתם הנוראה במרץ הראוי, צוו השומרים העריצים לנוח א״ע בקבר וירו בהם. כשנתמעט מספר הקברנים הביאו קברנים חדשים מעיר לאדז׳. כדאי לציין שפודכלעבניק הנ״ל, שמע שם, שמלודז׳ הביאו לחלמנה בחודש דעצעמבער 1941, כמה אלפים צוע־ים (ציגיינער) והמיתו אותם גם כן באופן הנ״ל.

שם בחלמנה־קולמהויף, בערך 80—70 מטר מכביש קויל־דומביא, עומד בית בירה וגדר סביביו כמובן, השמירה שם חזקה מאד, אין נותנים לשום אדם בעולם אפילו רק להביט שמה ואצ״ל להכנס שמה.

כשמביאים חבורת יהודים, דורשים לפניהם שאל יפלו לבם ביראתם, כי נלקחים המה לעבודת־כפיה ונוסעים מפה לחזית־העבודה, ומתחלה צריכים לנקות א״ע, לרחוץ גופם ולעשן בגדיהם ולמטרה זו הביאו לכאן. כשנכנסים לפרוזדור כתובה על דלת החדר „באדע־אנשטאלט,[5] הזאנדער־קאמאנדע אצים וממהרים עליהם עד מאד, שיפשיטו את בגדיהם במהירות רבה, ואז נפתחת דלת מצד שני שם כבר עומד איוטא. מי שאינו רוצה ליכנס תיכף שמה, הורגים במכות אכזריות, ודוחפים אותו לאויטא. הדלת נסגרה, אין מקום לאויר שם כלל וכלל, היהודים האומללים מתחילים לצעוק מרה עד שבמשך עשרה מינוטן הקולות יחדלון, כי נחנקו כולם על קדה״ש, עבור שהם מזרע ישראל.

כך הי׳ דבר יום ביומו. צר הי׳ מאוד בערב, בנשף יום. כאשר השיבו את הקברנים אל המרתף, קרעו את שטרי־הכסף אשר היה להם, אחד רופא־שיניים מאיזביץ הי׳ לו חמשה אלפים מארק בכיסו, קרע את כספו ושבר את שעונו הזהב. הצעיר מאחים קשבצקי מקלודאווע, עלם בריא משכמו ומעלה גבוה קומה, איבד את עצמו לדעת (תלה את עצמו) וחבריו לצרה — וביניהם גם פאדכלעבניק הנ״ל — עזרו לו ומשכו ברגליו כדי לקצר את גסיסתו. אחרי כן רצו להצית אש ולשרוף את בית־ההריגה, אבל לדאבונם הי׳ הבית בית־חומה. צר להם מאד. לברוח לא הי׳ להם האפשרות, אבל פ״א נסעו באויטאס־משא, פאדכלעבניק ראה האפשרות לפניו, ועשה חור במכסה האויטא ודרך שם ברח, במשך ריצת אופני האויטא. תיכף אחרי עבור איזהו רגעים רדפו אחריו, אבל עלה בידו להטמין את עצמו עד עבור הגסטפו הרודף אותו. בא לגראבאווא ואח״כ לקראשניעוויץ, אבל והיות ששם כבר היו „שטעק־בריף״[6] אחריו, ברח לגוסטינין ומשם לווארשא. עוד שני קברנים, חבריו בצרה זו, ברחו באותו יום משם לווארשא.

שמענו אז בימי החורף האיום שנת תש״ב, כל זאת סמרו ראשנו וחשך מאור עינינו, ובכל זה, יש מאמינים ורובם מפקפקים בדבריהם, אולם עכשיו אין עוד

---

[5] באדע־אנשטאלט — בית מרחץ.

[6] „שטעק־בריף״ — מכתבי הסגרה (גרמ׳).

כל ספק אצלנו אודות אמיתות הדברים, כי מלבד עדותם של פאדכלעבניק ואינז׳ניר בורנשטיין מקויל וואלראך מקלודבה, ועוד אנשים נאמנים, סיפרו לנו הרבה פולנים פרטים כעין אלו: מדי יום ביומו באו מחנות גדולים של יהודים, מתחנת קויל לקחו אותם הזאנדער־קאמאנדע של הג. — לבית המדרש בקויל, שם היו כל הלילה, ובמשך הזמן נלקחו משם, ישנם מפעם לפעם הרבה הרוגים על אתר (מלבד ילדים שמתו בחורף מסיבת הקור הנורא, שהיה שם).

מספרים נוראות מחלמנה, אולם אין אני מאמין לכל, ועד כאן הם דברים ברורים, ומכאן ואילך בפרק זה הם רק רשמי דברים ספקיים והחוקר יחקר אודות אמיתתן, והוא: בחורף שנת תש״ג ספר לנו, שהיות שרבו כבר הנקברים — ביער אצל חלמנה — עד אין מספר וכבר נרגש סרחון האויר ועיפושו, פתחו הקברים וזרקו על הגופים סיד צלול. אח״כ התחילו לשרוף גופי הקדושים החדשים. כבר אין מביאים דרך העיר לבית הכנסת רק ישר מתחנה לקליינבאהן [7] חלמנתה. מספרים ג״כ שעובד שם „באגער״, מכונה לחפירת הקרקע, כדי למעט בעדות־ראי׳ של הקברנים. אומרים שאופן המיתה הוא בדרך פשוט, האויטא סגור מכל צד אין מקום כניסה לאויר, כשמתחיל לנסוע, צנור העשן שצריך לצאת חוצה — נכנס לפנים והעשן חונק נפשות האומללים היושבים סגורים בפנים. אומרים, שבאחרונה, היות שכבר אין מקום לקבור חפרו את הקרקע ושתלו שם עצים, באופן זה ישנו שם — בחלמנה — עכשיו רק יער צעיר, אין מכיר מה מתחת לעפר אבל — „ארץ אל תכסי דמי״!!!

מספרים שביער קארזמיערז׳ הסמוך לפה כל השטח מלא קרבנות מקדושי ישראל, לפי שאומרים הפולנים המה יהודי זאגרוד (זה הי׳ עוד קודם מעשה קויל).

וויסלפיש מז׳יכלין שהי׳ פה, ספר, שהוא בעצמו הי׳ בין הנשלחים מז׳יכלין בפירים תש״ב ובעת שהגיעו לשוק בקראשניעוויץ (כביש קויל) עלה בידו לברוח.

כמה וכמה אכרים פולנים מסביבת קאנין הביאו אלינו שטרי־ממון (באַנק־נאָטין) של מאה ושל חמישים מארק, הרבה נדבקים מארבע חתיכות שונות משטרי כסף במספרים שונים. על שאלתנו מניין לכם זה, אמרו שבכל כביש קויל מונחים היו הרבה ממון קרוע שקרעו אותם היהודים על האויטאָס בדרך נסיעתם כי ראו את אשר לפניהם, לאן נוסעים, וזרקו דרך החורים ממון קרוע, חפצים שונים וכלים יקרים — נשברים לרסיסים, והם דבקו שטרי כסף הקרועים לאחדים.

[7] „קליימבאהן״ — רכבת, שמסילתה צרה מן הרגיל (גרמ׳).

**אסתר נשלסקה־בנדלר**

# בשנת 1945 בקולו

### א. „העוד חי יהודי מעירנו?"

בפברואר 1945, מיד עם שחרור קולו ע"י הצבא האדום, נכנסתי ברגל לעירי. מן היערות באתי, מן אחת הפלוגות של הפרטיזנים. הנה נתגשם אחד מחלומותי: לשוב לקולו על אף דברי ההתפארות של הרוצחים, שאמרו בגודל־לב, ששום יהודי לא יוסיף, לאחר הגירושים למחנות־ההשמדה, לראות את העיר שנית. המשיכה שלי לעיר לא היתה כדי לזכות ברכוש שניטש, אלא להראות: „עוד אנחנו פה!"

באמצע הרחובות של הפרבר הוורשאי היו מוטלות גופות של חיילים גרמנים. הן היו הסימן האחרון של שלטון הנאצים. העלוקות התבוססו הפעם בדמן הן. למראה החללים נתבדתה כל התיאוריה על הצבא הבלתי־מנוצח. ליד פגר של חתול ראיתי גופת קצין מהס.ס. ששכב פשוט־ידיים. הוא נפל, כנראה, ברגע שהרים ידיו לכניעה. חיל־החלוץ הסובייטי שכבש את העיר, לא האמין לאחרוני הנאצים. חשדו בהם שחורשים מזימה ושמים מלכודת, וכל אחד שנתקל בדרכם — דינו היה מוות.

עם בואי לעיר מצאתי את רוב הרחובות ריקים. כנופיות של ערב־רב הגיחו לפתע־פתאום. לפי השקים שבידיהם אפשר היה לנחש כי באו לבוז ביזה. הפעם שלחו יד ברכוש של הפקידות הנאצית. באו לגזול מן הגוזל. כמה מן האספסוף החליטו לרשת את הדירות המרוהטות, המלאות מזון רב.

רגלי הוליכוני לרחוב ה־3 במאי. התקרבתי לבית־החרושת של המכונות החקלאיות, ואף לכאן כבר הגיע האספסוף. ראיתי שהם מוציאים מכל הבא אל היד.

— „הרף!" — הרימותי קולי.

הנקהלים נדהמו למראה אשה הלבושה כפרטיזנית: מטפחת כפרית עוטפת את הראש, רגליה יחפות, והיא לבושה חולצת חאקי ומכנסי גבר. יצאו בבהלה מן החצר והתפזרו לכל עבר.

השערים נסגרו.

מבית החרושת שמתי פעמי לבית־העירייה. הפקידה הראשית, גברת בוצ'יקביץ קיבלה אותי בתימהון:

— את יהודיה? ואת חיה?

— האם רק לכם יש מונופולין על החיים? — חרקתי שיניים.

התגובה שלי הבהילה אותה. הסתירה את המשטמה האנדקית והחליפה את נעימת דיבורה:

— מה הגברת מבקשת ממנו שנעשה? — שאלה בענין.

— אני מבקשת בחזרה את הרכוש שלי! אני דורשת לחם, כי מגיע לי!

— בזכות מה?

— נלחמתי, הבאתי עם פלוגות הפרטיזנים את החירות!

הלך הרוח נשתנה עם כניסתו של ראש־העיר, האדון אוסטרובסקי. הוא היה אדיב יותר. לאחר פנייתי אליו, שקע בהרהורים והשיב באדישות דברים שיש להם פנים לכאן ולכאן.

יצאתי בפחי־נפש.

## המנין הראשון

לא כזרים אלא כאנשים החוזרים מדרך רחוקה־רחוקה הביתה, התחילו לשוב לעיר השרידים המעטים מיהודי קולו. הם חזרו לחפש ולחכות לאלה שעוד יבואו. אולי התרחש נס וקרובים, שאמרו עליהם כי נהרגו, נשארו בחיים. לא ייתכן, אמר הלב המאמין, שבאחד הימים לא יופיעו הניצולים.

בין הראשונים שחזרו לקולו היו: כותבת השורות הללו, אליאש מארקובסקי, יהודית מארקובסקה, רגינה קונינסקה, מוניק מוחורובסקי, לוטק אנגלמן, שווארץ, שלמה פודחלבניק, מענכע, עזרא איזביצקי ואמו, דאנילביטש־קאליסקה, אדלה בראנד, יונה פוקס, ווילצ׳ינסקה, דוד לוין, הנדולה, אדזיה פוגל ובנה, הנק זאַלקינד, מיכל פודחלבניק, ויסמן, הנכדה של ווארשבסקי, אברהם הכט, ע. רייכרט, מוטק פודחלבניק, שלושת האחים חמיילניק, סנדלר חיים, הכובען אוטשינובסקי, זיגמונט סטופיי, אדק איזביצקי, מרדכי קמפינסקי, פיפוט ווייסוואָל והיימן טמפלהוף.

הבית שבו התגוררתי, הפך למקום־מקלט ראשון — אכסניה. על הרצפות שיטחנו מזרונים. בין מזרון למזרון — מזוודה, ילקוט גב או סתם צרור. האכילה היתה בצוותא. ישבנו ימים ראשונים כאבלים, וסיפרנו זה לזה את כל המוצאות אותנו מאז היום הנורא. משנוספו עוד ועוד הפך בית המגורים של פוקס וזלקינד (בית פודחולבניק) לאכסניה שנייה.

הדירות שלא נהרסו בימי המלחמה, הוחזרו לכל דורש ולכל יורש; אבל קשה היה להתחיל שוב בחיים תקינים.

כל איש נשא בלבו בית־קברות וזקוק היה לעצה ולהדרכה. נבחר ועד של הניצולים. והעבודה היתה מרובה: התחלנו לחקור מי ומי נשאר בחיים והיכן הוא, טיפלנו בחולים, שהובאו לבית־חולים. ענינו לעשרות מכתבים שהגיעו מכל קצווי תבל, מתפוצות ישראל. מאמריקה נשלחו אלינו חבילות בגדים.

הוועד היה צורך־שעה. כל אחד לחוד הרגיש כי גל הבוז והשנאה ליהודים עודו מציף את העיר. הפולנים שכבשו את חנויות היהודים ונכנסו לגור בבתיהם —

לא רצו לעזוב את הנכבש. בכל מקרה שהגוזלים סירבו להחזיר את הגזל — בא הוועד ודרש מהשלטונות משפט־צדק.

בימים אלה נכרה באדמות קולו קבר חדש, שבו נטמנה גופתו של אחד החוזרים, שעבר את כל מדורי־הגיהנום, והוא בן עירנו מרדכי בן לאה שווארץ

העיריה מסרה לשארית־הפליטה חלקת אדמה לבית־קברות חדש, בקרבת הכפר רוז׳קוב.

## עדות אחרונה מהחורבן

עברו שבועות מספר והחוזרים התחילו לעסוק במסחר ובמלאכה. אחד מהם חפר באדמת חצרו לגלות „מטמון״ שהעלימו הוריו מהנאצים, אך המשטרה אסרה עליו מעשה זה. כמה יהודים הצליחו לקבל בחזרה את הרהיטים שנמצאו אצל השכנים.

קשה היתה השיבה לחיים תקינים. מראה הרחובות היהודיים, שנהרסו עד היסוד, דיכא את הרוח. כל העיר דמתה לבית־קברות גדול, אף כי לא נראו מצבות. אף בבית־העלמין היהודי לא נשארו מצבות־הזיכרון. אבני המצבה נלקחו לריצוף, מבית העלמין עד לשדרות. הלב נקרע למראה הביזיון הזה. לשוא חיפשנו את קברי ההורים והקרובים שמתו לפני בוא השואה. השטח כולו הפך לשדה מרעה.

בית־המדרש נשאר על תילו. נכנסנו לתוכו ומצאנו על הרצפה ערימה גדולה של נעלי ילדים, תפילין ו„סידורים״. ארון הקודש נשאר שלם. את כל הנמצא העברנו ללודז׳, ל„יידישער אינסטיטוט״.

באחד הימים הגיע לעיר אדק גורסקי, חתנה של משפחת ליפקי. הוא היה חייל בצבא הרוסי ופניו לברלין. שאל על אשתו ועל בנו, אך בפינו לא היתה מלה של תנחומים.

ה„לנדסמנשפט״ באמריקה שלחה אלינו איגרת: „כמה כסף דרוש לשיקומ־כם?״ ענינו להם: אנו עוזבים את העיר המלאה דמים, כל אבן מקיר תזעק. הבדידות גדולה והזרות מציקה. באנו לראות את מקום קברות קרובינו, ופנינו לארץ־ישראל.

## שיחות עם פולנים

גיששנו כמו באפלה; ביקשנו לדעת מה הציבור רוחש לנו. לפעמים נדמה היה לנו, כי התחילו להשלים עם שובנו. שוחחנו עמהם על העבר ועל הבאות. כמה מהם גילו מוסר כליות, התנצלו שלא עשו הכל למען הצלת ידידים. רובם ככולם אמרו כי השנאה היא בת חלוף, ויעשו הכל כדי לתקן את שהיה.

— גם אנחנו סבלנו, גם בנינו והורינו נפלו במלחמה זו! — זלגו דמעות.

— אולי חסר לכם משהו וניתן לכם! — ביקשו להיטיב עמנו.

מעטים היו הפולנים שקיימו את דברי פיהם והושיטו יד לעזרה.

בשוק, במקום מקח וממכר שמענו את הפולנים שהם מרננים:

— שוב קונים היהודים את האווז הטוב ביותר!

— מי יתן ויעלמו כמו בשנים הקודמות!

— יש לשבח את היטלר על המלאכה הטובה!

היו גם פולנים שהפכו ל„מקוננים״:

— אמרנו, שלאחר המלחמה לא נראה אותם, והנה...

יום יום וטעמו. היו ימים שהרגשנו יחס עוין גלוי, ואף הידידים התחמקו מלהיפגש עמנו, שמא יאמרו: „הנה הם מתיידדים עם...״

משום יחס כבוד לידידים אמיתיים המעטנו לבקר בביתם.

יצאנו את העיר ונשבענו: לעולם לא נשוב שמה! לעולם לא!

בכינו על חורבן הקהילה ובכי משנה על שאבד האימון באדם, באנשים שאיבדו צורת אדם.



על קבר־האחים בחלמנו לאחר המלחמה
אויפן ברודער־קבר אין כעלמנא נאָך דער מלחמה

**יעקב וואַלדמאַן**

# די כעלמנער טראַגעדיע *

...די שכנותדיקע קרייזן, ווי צ. ב. קאָלאָ און סאמפאלנע זיינען געוואָרן „יודענריין”. כמעט יעדן טאָג זיינען אָנגעקומען צוגן און אויטאָס איבערפולטע מיט יידן פון גאַנץ אייראָפּע. מיט אַ יידן פון פּאַריז האָב איך אַליין גערעדט אויפן וואָקזאַל אין קאָלאָ, ווו איך האָב געאַרבעט ביי קוילן. מען האָט זיי געבערענגט צופירן אין „פולמאן”־וואַגאָנעס, מיט זייער גרויסע באַגאַזשן. ווען איך האָב זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיי זאָלן אַנטלויפן אין די וועלדער, ווייל באַלד וועלן קומען נאָך זיי זשאַנדאַרן און זיי וועלן זיין פאַרלוירן אויף אייביק — האָבן זיי געלאַכט פון מיר און געזאָגט: „מיר פאָרן דאָך צו דער יידישער קאָלאָניע „היידעמילע” **. אַזוי האָט מען אונדז געזאָגט אין פּאַריז.

אין אייניקע מינוטן אַרום האָבן זיי זיך איבערצייגט אין דער ווארהייט פון מיינע ווערטער.

עס זיינען אָנגעקומען עטלעכע אָפּטיילונגען זשאַנדאַרמעריע און מען האָט זיי איבערגעזעצט אין פּי־וואַגאָנעס פון דער קליינבאַן. דאַן האָבן פיל פון זיי זיך געוואָלט ראַטעווען, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. פיל קרבנות זיינען געבליבן באַלד אויפן אָרט.

אויך דאָס לאָדזשער געטאָ, האָט געליפערט און פאַרגרעסערט די רייען פון כעלמנער קרבנות. טאָג־טעגלעך האָבן מיר געזען אויף דער טארונסקא־גאַס אין קאָלאָ, אָרעמע מוטערס שלעפנדיק אויף די פלייצעס פעקלעך, און אונטערגעשטויסן

---

* מיר ברענגען דאָ אַ פראַגמענט פון דער באַשרייבונג, „די כעלמנער טראַגעדיע”, וועלכע איז פאַרעפענטלעכט געוואָרן אין דער צייטשריפט „פון לעצטן חורבן” (מינכען, אויגוסט 1946), אַרויסגעגעבן פון צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע, ביים צענטראַל קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע.

יעקב וואלדמאַן ז״ל, געבוירן אין אוניעוו ביי טורעק, מיטגעמאַכט אַלע עינויים פון דער אָקופּאַציע ביז צו דער אויסזידלונג, נאַכער אַנטלאָפן צו די פּאַרטיזאַנער. נאָך דער באַפרייונג, זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַרבעט פון דער צנטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פוילן. ער האָט אָרגאַניזירט אַן אויספאָרשונג קאָמיסיע קיין כעלמנאָ. וואלדמאַן, איז דעם 1־טן סעפּטעמבער 1956 געפאַלן אין שטעטל טורעק פון אַ מערדערישער א. ק.־קויל.

** יודענקאָלאָניע „היידעמילע”, האָט זיך געפונען אין 17 דערפלעך, אויף אַ שטח פון 35 קוואַדראַט קילאָמעטער. די יידן פון טורקער קרייז, זיינען דאָרט געווען באַשעפטיקט מיט לאַנדווירטשאַפט און אַנדערע אַרבעט. דאָס איז געווען די איינציקע יידישע קאָלאַניע אין פוילן. אין בעלגיע, האָלאַנד, פראַנקרייך און אַנדערע לענדער, האָט מען געמעלדעט די יידן, אַז זיי פאָרן קיין היידעמילע, אינדעראמתן האָט מען זיי געשיקט אַן ערך 40 קילאָמעטער ווייטער, קיין כעלמנא, 6 קילאָמעטער פון קאָלאָ און 9 קילאָמעטער פון דאמביע.

**געוואָרן פון דער מערדערלעך־שמוציקער האַנט פון היטלעריסטישן סאָלדאַט. דער ציווילער באַפעלקערונג איז נישט דערלויבט געווען צו קוקן דורך די פענצטער, ווען מען האָט איבערגעפירט די מענטשן פון דער באַן צו דער קליינבאַן, ווו זיי זיינען געפאַלן פון שוואַכקייט און מידקייט, יוז מען האָט געקאַטעוועט קינדער מיט קאָלבעס, אַזוי לאַנג ביז מען האָט זיי געדאַרפט אויפהויבן, אָבער שוין פאַרשטייפטע מתים.**

**כדי דער וועג זאָל די היטלעריסטישע תליינים ניט לאַנגוויייליקן, האָבן זיי געשאָסן אין די מאַרשירנדיקע קאָלאָנעס. די פורן, וואָס זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך זיי, האָבן צונויפגענומען די טויטע.**

**ד"ר א. בראנד־אורבן**

# מיין אַלטע היים

דו פאַרלאַנגסט פון מיר, פריינט, אומציילבאַרע מאָל
אַ וואָרט וועגן קויל, אונדזער וויג,
וואָס קאָן איך דיר זאָגן נאָכן מבול פון שטאָל,
נאָך יאָרן פון אומקום און קריג ?

ס׳איז פאַרגעלט שוין די בלאַט, אַוועק שוין **די צייט**
פון בויען, פון בליען, פון מוט.
געבליבן פון טרוימען, חלומות פון פרייד
בלויז וווּנדן און טרערן, און בלוט.

ס׳איז מיר איינס קלאָר און כ׳וויל, אַז ס׳שטעטל מיינס **קויל**
זאָל נישט ווערן פאַרגעסן, ניין —
פאַר קויל כ׳וויל זינגען פון שמערץ און פון גרויל
מיט אַ האַרץ וואָס פול איז מיט פיין.

אויף די פליגל פון טרוים אָפט בין איך אין מיין שטאָט,
כ׳זוך פריינט דאָרט וואָס זיינען אַוועק ;
כ׳זוך זייער שמייכל, וואָס יעדער דאָרט טוט,
נאָר אַ נעפּל אַלץ דאָרט פאַרדעקט.

מיינע יידן, די תמימים, וואָס איך זע אין דער נאַכט,
זיי גייען און גייען, עס שפּאַנט יינג און אַלט.
ישטאַ מער ר׳ שלמה, נישט די וועלט האָט באַאכט,
געזיגט האָבן חיות אין וואַלד...

עס רױשן די װעלדער, ס׳רױשט װידער דער טײך,
דער פרימאָרגן שענקט מיר אַ שטראַל,
מיט זילבער פאַרגיסט די לבנה די נאַכט,
עס צערטלט פרימאָרגן די גראָז, דער טל.

עס שפּאַנט דאָ דרײסט מײן פאָטער אין שטעג;
שטורעם ברױזט איבער װאַסער און לאַנד;
און אין ברוסט גליט אַ פײער; פירט קײן ציון דער װעג,
„אם אשכחך" — ער קריצט אױף זײן װאַנט.

און מײן מאַמע אין טונקל, װען שבת פאַרשװינדט
מיט „גאָט פון אברהם" געברום;
דער קאָפּ אױף איר קני לײגט אַװעק איר קינד —
שױן װאָכנטעג שרױערן אין אים ביטער שטום.

איצט אַלעס פאַרברענט, אומענדלעך דער חורבן,
נישטאָ מער די מאַמע, דער זײדע, די באָבעס;
איך שרײ אין מײן צאָרן, אַז אומזיסט איז דער קרבן —
חודש אלול איז דאָ און נישט זען קבר־אבות

ירושלים, עיה״ק, תשי״ז



**יעקב וואלדמאן בחלמנו אחרי המלחמה**
**יעקב וואלדמאן אין כעלמנא נאָך דער מלחמה**

ה. הירשביין

# אַמאָל איז געווען אַ יידיש קאָלאָ

בילדער און געשטאַלטן פון שפרודלדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן, מיט וועלכן עס איז געווען געבענטשט אונדזער שטאָט, ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, שווימען אויף אין מיין זיכרון.

די יידישע קהילה אין קאָלאָ, איז נישט געווען פון די גרויסע, זי איז אָבער געווען געזעלשאַפטלעך שטאַרק אַנטוויקלט. יעדע איינע פון די געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען האָט געוואָלט איבערשטייגן די צווייטע, דורך שאַפן וואָס מער ווירטשאַפטלעכע און קולטור־אינסטיטוציעס. אַלע אינסטיטוציעס האָבן אַנטוויקלט אַ לעבהאַפטע טעטיקייט און דאָס האָט מיטגעווירקט, אַז כמעט די גאַנצע יידישע יוגנט איז געווען אַראַנזשירט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די רעפּרעזענטאַנטן פון די פּאַרטייען זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך פון דער קעגנוואַרט און געהאָלפן שמידן די צוקונפט. זאָל מען דערציילן וועגן זיי, הגם יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט געלט געערדט אויף זיין באַזונדער שפּראַך און געגאַנגען זיין אויסגעווײלטן וועג.

...בעתן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, דעם 1־טן אָקטאָבער 1939, האָט די יידישע באַפעלקערונג אין קאָלאָ געפּרוווט נעמען די שוץ איבערן לעבן אין אייגענע הענט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ בירגער־מיליץ און די הויפּט־לייטער זיינען געווען: פּיערניקאַזש, טעמפּעלהויף, ברעגנער, ברוקשטיין, הירשביין, באַרקאָווסקי, פראַנקאָווסקי, איזשביצקי א. א. — כמעט אַלע געזעלשאַפטלעכע טוער.

דאָס כאַאָטישע אַנטלויפן פון פּוילישן מיליטער און דער גיכער אַריינמאַרש פון די נאַציס, האָבן צעבראָכן דאָס לעבן בכלל און די יידישע באַפעלקערונג בפרט. באַלד אין ערשטן טאָג פון דער אָקופּאַציע, האָבן די היטלעריסטן מודיע געווען דורך גרויסע פּלאַקאַטן, אַז יידן זיינען מחוץ דעם געזעץ. אויף דער גזירה האָבן געוואַרט די שוואַרצע עלעמענטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. עס זיינען צעראַבירט געוואָרן די געשעפטן פון ראַטבערג, בורדאָווסקי, וואַלטער, שאַלאַדאָווסקי און אַנדערע. מען האָט נישט געטאָרט זיך קלאָגן אויף די פּאָגראָמירער.

אין די ערשטע טעג האָט זיך דערהערט אַ רוף אין די הויפן: „יודען העראוס!" — מיט רעוואָלווער שאָסן און טויט־דראָאונגען איז די יידישע באַפעלקערונג צוזאַמענגעטריבן געוואָרן אויף איין פּלאַץ. דער אַלטער ר' יוסף ראָזען ז"ל,

וועלכער איז געלעגן קראַנק, האָט נישט געקאָנט אַראָפּגיין פון בעט און אַ היטלעריסט האָט אים דערשאָסן אויפן אָרט. אין יענעם טאָג איז אויך דערשאָסן געוואָרן שלמה ביעזווינסקי, דער פאָרזיצער פון דער יידישער שטאָט־ביבליאָטעק. אויף די טרעפּ פון זיין פאָטערס וווינונג איז ער אומגעקומען. דער מערדער איז דאַן אַוועק צום אומגליקלעכן פאָטער און צום פּאַראַליזשירטן זון און געפּאַדערט פון זיי צוצונעמען דעם קרבן און אָפּוואַשן דאָס פאַרגאָסענע בלוט. זיי זיינען געווען די ערשטע קרבנות פון אונדזער שטאָט.

די יידישע מענער זיינען געטריבן געוואָרן צו די קאַלישער און וואַרשע־ווער בריקן, וועלכע זיינען אויפגעריסן געוואָרן דורכן פּוילישן מיליטער. דער באַפעל איז געווען: אַרויסציען פון וואַסער די שטיינער און די בריק־טיילן. די צוזאַמענגעטריבענע זיינען געשטאַנען ביז צום האַלדז אין וואַסער און די ווילדע בעסטיעס האָבן געשלאָגן מיט לאַנגע בייטשן איבער די קעפּ און געיאָגט: „שנעלער, יודען, שנעלער!" הויכע אָפיצירן האָבן פאָטאָגראַפירט די סצענע און געלאַכט.

לעבן מיר זיינען געשטאַנען די עלטערע איינוווינער: שטייער, ביעזשוויג־סקי, ווינטער, ברענער, דאַנילעוויטש, צארנדאָרף, וואלקאוויטש א. אַ. פלוצים זיינען די ס. ס. בעסטיעס צוגעפאַלן צו גונעק ווינטער און אים מערדערלעך צעשלאָגן, ווייל זיינע קראַנקע פיס האָבן נישט געקענט שנעל זיך באַוועגן.

אין דער זעלבער צייט האָבן אויך די בעסטיעס זיך פאַרנומען מיט אַ אַנדער גרופּע יידן, וועלכע האָבן געמוזט ליגן מיטן פּנים צו דער ערד און זינגען תפילות. דער גרייז־גרויער ר׳ שלמה יוסף וואסערמאַן ז״ל, האָט אויף אַ ווײַלע אויפגעהויבן דעם קאָפּ, איז צו אים צוגעלאָפן אַ סאַדיסט און דעם קאָפּ ציגעטרעטן צו דער ערד.

אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויל־טאָטן פון נאַציישן גיהינום אין אונדזער שטאָט. במשך פון דער אָקופּאַציע איז אומגעבראַכט געוואָרן כמעט די גאַנצע קהילה, איר גורל איז געווען ווי דער גורל פון אַלע יידישע קהילות אין פּוילן.

# תאריכי־יגון

- ב־18 בספטמבר כבשו הנאצים את קולו.
- ב־19 בספטמבר הרגו הרוצחים את בני עירנו יוסף רוזן ושלמה ביז'ינסקי.
- ב־19 בספטמבר נקראו יהודי העיר בפעם הראשונה לעבודת כפייה.
- ב־20 בספטמבר הועלה בית־הכנסת באש.
- בט' בתשרי תש"ב, בליל „כל נדרי", נשלחו כ־30 נערות מבנות עירנו למחנה־כפייה, בקרבת העיר פוזנאן.
- בערב ראש השנה, בשנת 1940, גורשו כ־150 משפחות מיהודי קולו לכפר בוגאי.
- ב־19 ביוני 1941 נשלחו 200 מיהודי קולו למחנה־כפייה, בקרבת העיר פוזנאן.
- ב־21 ביוני 1941 נשלחו 300 מיהודי קולו למחנה־כפייה אייכנוואלד.
- באלול תש"א, נשלחו כ־100 בנות עירנו לעבודות כפייה במחנה ברסלאו.
- ב־14 באוקטובר 1943 — מרד במחנה הכפייה סוביבאר. השתתפו בו שנים מבני עירנו: יחזקאל מאנכע ושלמה פודכלבניק. שניהם ניצלו.
- ב־10 בדצמבר 1941 — התחלת הגירוש ההמוני למחנה ההשמדה בחלמנו.
- בכ' בכסלו תש"א — נפטר בלובלין הרב האחרון של קהילת קולו, הרה"ג ר' חיים דוד זילבר־מרגליות.
- בחנוכה שנת 1939 גורשו כ־1000 מיהודי קולו לאיזשביצה לובלסקה.
- ב־17 בינואר 1943 רצחו הנאצים את בני עירנו תנחום דאנילביטש וזונדל אברמוביץ.
- במרץ 1943 גורשו מקולו אחרוני יהודיה, זקנים ותשושי־כוח, לאושוויץ.
- ב־11 באפריל 1945, שוחררו כמה מבני עירנו, שהיו במחנה בוכנואלד, ע"י צבא ארצות־הברית.

רשם א. ד.

# יזכור

צוואַנציק טעג אין חודש כסלו, תש״ב, דעם 19־טן דעצעמבער 1941, איז אין די כעלמנער גאַז־קאַמערן פאַרניכטעט געוואָרן דאָס רעשטל פון יידישן קאָלאָ.

צו דער יאָרצייט, וואָס פאַלט אויס היי־יאָר כ׳ כסלו, דעם 11־טן דעצעמבער 1949, טרעפן זיך אַלע פאַרבליבענע יידן פון קאָלאָ און אומגעגנט, אויפן בית־עלמין החדש אין חיפה. מ׳וועט מקבר זיין די ביינער פון די אומגעקומענע, געבראַכטע פון די גרויסע גריבער אין כעלמנא.

די קבורה קומט פאָר 3 אַ זייגער נאָכמיטאָג.

גיב צוויסן דיינע קאָלער לאַנדסלייט.

**ארגאניזיר־קאמיטעט**

כרוז ליוצאי־קולו בישראל — אויפרוף צו די קאָלער לאַנדסלייט אין ישראל

# מגיפת החולירע בקולו

## (מפי הישיש **ר' אברהם גליקסמן**)

כבן שמונים אני היום. זכיתי לגיל שלא ידעו אבותי. זכרונותי מהעבר הרחוק־רחוק פוחתים והולכים, אבל דבר אחד טרם נשכח ממני ואזכרהו כאילו היה זה מקרוב — וזוהי המגיפה הגדולה, ששמה חולירע, שהשתוללה באירופה בשנת 1892 ופשטה גם בקויל. המגיפה הפילה חללים רבים ואין כמעט בית שאין בו מת. בן־לילה ניספו אנשים רבים שרק תמול־שלשום היו בריאים וטובי־מראה, ואפילו נחשבו לגיבורים. נתקיימו עלינו דברי „איוב": „כציץ יצא וימל" (פרק י"ד, 2). יום־יום הבאנו לקבורה 3—4 אנשים ויש שאפילו יותר. ורבה היתה החרדה בין החיים. מי עומד בתור? מי יסתלק בימים הקרובים?

מחמת המגיפה היתה העיר כמעט סגורה ומסוגרת: קשה היתה היציאה ממנה וקשה הכניסה אליה. לא ידענו, אם התבערה הזו באה אלינו מעיר אחרת, או מקורה אצלנו. לפי השמועות שאזני קלטו אז, היא באה ממרחקים — מהודו. והרופאים — אובדי עצות, שכן טרם נמצאה תרופה בדוקה.

מה לא נעשה כדי לעצור במשחית?

שבעת טובי העיר גילו פעילות רבה; החליטו לערוך חתונה של בני עניים, בתחומו של בית הקברות העירוני. אולי בזכות העניים תיעצר המגיפה! נשים צדקניות חזרו על פתחי הבתים ואספו תרומות ו„דרשה־געשאנק": בגדים, כלי מיטה, רהיטים, כלי בית — מַתנות בשביל הזוג הצעיר, שיתפללו למען העיר...

לא ארכו הימים והשַמש־הכָרוז יצא לרחובות היהודים והשמיע בקול גדול: בואו, יהודים, ל„חדר הטהרה" שבבית הקברות, בואו לשמח חתן וכלה, בואו לסעוד בסעודת בני עניים הנערכת בקרבת משכנות המתים!

גדולים וקטנים, כל חפצי חיים, נהרו לבית הקברות בשעה הקבועה; איש לא נעדר. אולי בזאת נעורר רחמי־שמים, ונישאר בין החיים. הכליזמרים לא ביקשו הפעם כל שכר תמורת נגינתם. בשדה־הקברות, שם נשמע כל הימים בכי ויללה, הרנינו הפעם צלילי כלי־מיתר. הנשים הנכבדות הסבו יחד עם הכלה — היתומה, והרב ושבעת טובי העיר — עם החתן, יתום מאב ומאם. דלתות „חדר הטהרה" היו פתוחות לרווחה וכל הקהל רואה בשמחה וקורא: צאו החוצה! אף אנו רוצים לשמוח בשמחתכם! אל תחזיקו אותם לעצמכם בלבד!

הכליזמרים ניגנו ופרנסי־הקהילה ובעלי־הבתים ובעלי־המלאכה רקדו ריקוד־המצווה עם הקבצנים ועם ארחי־פרחי, בתוך המעגל — החתן והכלה. ואחרי הריקודים — הסעודה.

כאשר גל המחלה גבר והלך — שבתה כמעט כל המלאכה בעיר. פשוטי העם אצו לבית המדרש, פתחו את „ארון הקודש" וקראו פרקי תהילים בקול קורע לבבות. במשך כל שעות היממה לא פסקה קריאת „תהילים" ע"י „מניין" — זה גומר וזה מתחיל.

ברוב שעות היום צלצלו הפעמונים של הכנסיות, הקאתולית והאוונגלית, שבעיר. גם הפולנים והגרמנים סבלו אבידות רבות. המוות לא פסח גם עליהם. משום כך לא העלילו עלינו כי אנו האשמים באסון הנורא.

אורח החיים בעיר נשתנה, כאילו נתונים אנו ב„הסגר" או במלחמה קשה. הידיעות על מספר המתים הן שקבעו את „מצב הרוח". בוקר־בוקר, כאשר נפגשו האנשים ברחובות, ברכו זה את זה בברכת „ברוך מחייה מתים!", או שאלו: איך בני ביתך? איך ההקאה? ואיך המעיים? מה צבע העור? איך הכוחות? — בשאלות האחרונות היו סימני ההיכר של המחלה.

אנשי המעשה לא סמכו על התפילות בלבד וסידרו בית חולים נוסף על הקיים, בית חולים ארעי באולם התיאטרון הגדול ובחדרי־השירות, היציע והלשכות.

בשעה שהודיעו לטובי העיר על איש שהגיע לאפיסת כוחות, או על איש שמצאו בצואתו סימני דם ומוגלה — ציוו אלה להעבירו מיד ל„אולם התיאטרון". חובשים־מתנדבים פשטו את בגדיו, שנידונו לשריפה, ואת הנגוע מרחו באלכוהול ושפשפו את גופו במברשות. השפשוף היה התרופה היחידה. נוסף לזאת השקו את החולה בחלב חמוץ, וכל המרבה לשתות רבו סיכוייו להישאר בחיים.

כל איש ראה עצמו כעל עברי פי־פחת. אמונות טפלות פשטו בין הנבערים מדעת, שהחלו מבקשים עצות אצל „רופאי אליל", ואף ביקשו „שעיר לעזאזל" — קרבן שיתלו בו את הקולר.

וכך נטפלו אל החזן, שבא מעיר רוסית רחוקה, וטפלו עליו שקר: הוא שהעביר את החולירע. השמועה נישאה כעל כנפיים, והגיעה לכל מקום. מי בדה את הדבר? לא אזכור. ייתכן, כי החשוכים מצאו סמיכות פרשיות בין בואו ממרחקים לבין המגיפה שאף היא באה ממרחקים. אף לא מן הנמנע, כי עלילה זו יצאה מקבוצה אחת של „יודעי נגן", שלא מצאו טעם בנגינתו...

והנה נמצא „נימוק" חדש: ר' משה שורק, יהודי נכבד בעיר, טען, שמכיון שבשעת תפילתו, תפילת הבכורה, לא הדליקו את הנברשות בבית הכנסת (קרב היה ניטש בין שני הצדדים, שכל אחד מהם הציע מועמד אחר לתפקיד החזנות), בזאת חוללה קדושת המקום, ומשום כך באה החולירע...

המגיפה אכלה בכל פה. כשלו הקברנים ועייפו אנשי החברה קדישא. נפסק המסחר בעיר לחלוטין והדאגה היחידה: לאן נברח? היש מקום במדינה שטרם הגיעה המגיפה לשם? אנשים מתגודדים ומסתודדים, מתכננים תכניות והכל נגמר כקצף על פני מים.

שלטונות העיר, שנזדעזעו לרגל המצב, הבהילו את המוסדות הגבוהים.

והנה נתקבלו הוראות חדשות מפטרבורג ומווארשה על אמצעי־לחימה בנגף זה. אין להשאיר חולה בדירה פרטית! השוטרים עברו מבית לבית, ערכו חיפושים ו„הריחו" מהיכן עולה ריח אלכוהול... ברגע שמצאו איש שוכב, גזרו עליו לפנות את הדירה. שמו חותם־שעווה על הדלת ובני־הבית נאלצו לחפש מקום מגורים אחר. לאחר כל מקרה מוות, שבא כחתף, נערך חיטוי: חלק מהמטלטלים, הבגדים וכלי המיטה נידונו לשריפה, וחלק עבר „טבילה" ברותחין.

אמצעי־לחימה נוסף היה איסור שתיית מי הנהר המזוהמים, ואיסור זה חל גם על המים מן המשאבות. הותרו רק מים רתוחים, והמיחם לא ירד כל היום מעל השולחן והאש לא כבתה בכיריים במשך יממה שלמה.

כאשר המגיפה פגעה גם בתינוקות של בית־רבן, באה הוראה נוספת: לסגור את „החדרים" ואת בתי־הספר. הילדים התרוצצו ברחובות באפס מעשה. הפריחו שמועות והתענו בבטלה.

בתום השנה דעכה אש־המגיפה. אולם מי ימנה את מספר החללים?

פ. פרידלאַנד

# דערינערונגען פון ברויזנדע יאָרן

„אַהיים! אַהיים!" — דאָס איז געווען דאָס איינציקע וואָרט פון די קאָלער יינגעלייט, אַנגעשטעלטע אויף פּאָסטנס אין די גרויסע שטעט פון פּוילן, ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. מען האָט געכאַפּט די וואַליזקעלעך און מיט אַלע וועגן זיך געלאָזט צום היימשטעטל, צו טאַטע־מאַמע. דער ווילן צו זיין מיט די נאָענטע אין די קריטישע יאָרן, איז געווען שטאַרקער פון אַלע פאַרלאַנגען, ער האָט דאָמינירט. יעדער איינער האָט געוווסט, אַז די מעטראָפּאָליע זאָגט צו מער אינטערעס און פון דאָרט עפענען זיך אַלע וועגן, אָבער... אין אַזעלכע צייטן דיריגירן מיטן מענטש אַנדערע כוחות.

די מלחמה וועט זיין אַ לאַנגע! — אַזאַ איז געווען דער פּאָרגעפיל, הגם די דייטשע גענעראַלן האָבן פּאָרויס אָנגעזאָגט, אַז דער „שליפן פּראָגראַם" זעט פּאָר, אַז נאָך זעקס וואָכן וועלן די פראַנצויזן צוזאַמענברעכן און די רוסן וועלן ווייכער ווערן. די אַנטשיידונג איז ווייט, און ווער ווייסט, צי די שוואַכע יידישע הייזלעך וועלן אויסהאַלטן די גרויסע געשעענישן!

נישט גרינג איז אָנגעקומען זיך ווידער צופּאַסן צו דער קליינער שטאָט. עס איז געווען אַן אונטערשייד צווישן די, וועלכע האָבן געטרוימט וועגן מרחקים און אַ נייעם לעבן, און די וועלכע האָבן שוין פאַרזוכט דעם טעם דערפון. ווען עס האָבן אָנגעהויבן קנאַלן די שראַפּנעלן און די לופט איז פול געוואָרן מיטן ריח פון פּולווער, האָט מען זיך שנעל אַריינגעפּאַסט, ווערנדיק צוריק פּראָווינצער. דערפאַרונגען פון דער גרויסער שטאָט האָבן געהאָלפן אָרגאַניזירן זאַפּאַסן פאַר די טעג, ווען ברויט און זיכערקייט זיינען די איינציקע פאַרלאַנגען: ווי לעבט מען איבער די מלחמה!

עטלעכע טעג נאָך אונדזער צוריקקומען קיין קאָלאָ האָט דער פראָנט זיך דערנענטערט צו דער שטאָט. פון די גרענעץ־פּאַסן האָט געשטראָמט מיליטער. בייטאָג איז געווען טויט־שטיל. יעדער האָט בלאָ־רואים געפּלאַנט, געמאַכט צוגרייטונגען, געזוכט אַ רעטונג. אָבער ביינאַכט האָבן זיך געטרייסלט די ווענט און עס האָט געציטערט דער ברוק: די רוסישע האַרמאַטן האָבן זיך צוריקגעצויגן און מיט זיי — די קאַוואַלעריע און פוסגייער. די אַרטילעריע האָט נישט געקאָנט צוריקהאַלטן די דייטשע אַרמעען, וועלכע האָבן זיך געריסן קיין מזרח.

איך געדענק די געשפּאַנטקייט פון יענע טעג: לאַנגזאַם האָט זיך דאָס רוסיש מיליטער צוריקגעצויגן און די פינצטערע עלעמענטן האָבן אויסגענוצט יעדן

טאָג אויף ראַבירן יידישע פאַרמעגנס. פון אַלע עקן לאַנד, פון גאַליציען און פון אַנדערע געביטן זיינען אָנגעקומען איוב־בשורות. די מלחמה האָט זיך ערשט אָנגעהויבן און יידן האָבן שוין באַצאָלט אַ טייערן פרייז.

דעם אמת זאָגנדיק: מיר האָבן געוואַרט אויף די דייטשן, מיר האָבן געוואָלט זיי זאָלן וואָס שנעלער אָנקומען און אַנטשיידן דעם אומבאַשטימטן מצב. ווערלנדיק וואָס שנעלער פטור ווערן פון די רוסן, וועלכע האָבן פאַרלייגט אַ פעטליע אויפן האַלדז פון די יידן. בשעת די פאָגראָמען זיינען שווער רואינירט געוואָרן די יידישע עקאָנאָמישע פאָזיציעס.

אין משך פון געציילטע וואָכן איז נישט געווען וואָס צו טאָן. דווקא דאַן האָבן די מוחות פיבערהאַפט געאַרבעט: געבויט פּלענער און זיי צעשטערט, קאָמבינירט און מבטל געמאַכט זאַכן אין וועלכע מען האָט אַריינגעלייגט פיל מי. די הויפּט־ליניע ביי וועלכע מען האָט זיך פעסט געהאַלטן, איז געווען: זיין גרייט צום ערגסטן און איבערהאַלטן.

די דייטשן זיינען אַריין אין שטאָט, און מיט זיי זיינען געבוירן געוואָרן נייע פּלענער. אין די ערשטע מינוטן האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז מיר האָבן פאַרצוג ביי זיי, און כדאי צו שפּילן אויף דער קאָרט, אָבער באַלד איז געקומען די אַנטוישונג. נישט קיין פּריווילעגיעס און נישט קיין רעכט, זיי האַנדלען לויט באַקאַנטע פּרינציפּן: דריקן די שוואַכע — און אין גלות זיינען מיר שטענדיק צווישן די שוואַכע.

די פּלענער „צומאָרגנס נאָך דער מלחמה" האָבן זיך ווידער געביטן: מיר מוזן אויסוואַנדערן. אין לענדער פון פּרעמדע פעלקער וועלן מיר זיך נישט דערשלאָגן צו דעם, וואָס מיר זיינען פעאיק. די אויסוואַנדערונג איז פאַר אונדז אַ לעבנס־נויטווענדיקייט. אין ווייטע לענדער און אין דעמאָקראַטישע מדינות וועלן מיר אפשר קאָנען אויפבויען אַ נייע היים.

וווּהין? די וועלכע האָבן אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט די דייטשן, האָבן גענומען לערנען דייטש; יינגעלייט, וועלכע האָבן געהאַט קרובים אין אַמעריקע — ענגליש; דער רוב האָט באַזוכט העברעישע אָוונט־קורסן, געזוכט פּריוואַטע לערער, כדי זיך צוגרייטן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, וואָס זעט נאָך אויס ווי אַ מדבר. אין דער יוגנט־פאַנטאַזיע האָט מען אַריבערגעשפּרייזט תהומות, נישטאָ קיין אָפּהאַלט און קיין שוועריקייט. ווי האָבן געזאָגט די מדריכים: „עמעצער מוז דאָך זיין דער ערשטער! און „אָן אינוועסטיציעס ווערן געבויט נאָר פיקציעס!" — מיר מוזן אַריינלייגן כוחות און זיי וועלן זיך אָפּצאָלן.

די קומענדיקע טעג האָבן אָפּגעלייקנט אַלע פאָרויסזעאונגען. די דייטשן האָבן געמאַכט אַ סטראַטעגישן צוריקמאַרש פון אונדזער שטח און די רוסן זיינען ווידער אָנגעקומען, מיט גרויס רעש זיך דערנענטערט צו דער שטאָט.

הגם זיי האָבן נישט געהאַט קיין שטערונגען פון פיינטלעכע כוחות, זיינען זיי אָנגעקומען מיט גרויסן טראַסק: אָנגעהויבן באָמבאַרדירן די שטאָט דריי נאָכמיטאָג און נישט אויפגעהערט אַ גאַנצע נאַכט, ווי די שטאָט וואָלט געווען אַ ציל־ברעט זיך צו לערנען שיסן. די שראַפּנעלן האָבן באַשעדיקט הייזער, פאַרוווּנדעט מענטשן, אָבער קיין מאַסן־מאָרד און קיין פּאָגראָם האָבן זיי נישט געמאַכט.

בשעת די הפסקות, ווען די פּוליעמיאָטן זיינען שטיל געבליבן, האָבן פּאָליאַקן אויפגעבראָכן יידישע געשעפטן און זיי צעראַבירט. נישט געווען ווער עס זאָל זיי שטערן אין דער אַרבעט. אַלע זיינען געלעגן באַהאַלטן אין די קעלערן. דאָס לעבן איז געווען טייערער ווי דאָס האָב און גוטס.

נאָך דער קריטישער נאַכט האָבן מיר געזען אין אַלטן און אינם נייעם מאַרק טויזנטער רוסישע זעלנער — אַ גרויסער יריד: קאָזאַקן, טשערקעסן, קירגיזער און אפילו מאָנגאָלן. אַלע זיינען זיי געווען באַוואָפנט, ווער אויף וועגענער און ווער אויף פערד פון פאַרשיידענע ראַסעס. וואָדקע האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער.

אַכט טעג האָט מען געלעבט אין שרעק. שפּייז־פּראָדוקטן האָבן גענומען אויספּעלן. עס האָט געדראָט אַ הונגער. אַלע וועגן זיינען פאַרשטעלט און קיין שפּייז־פּראָדוקטן קומען נישט אָן. ווו נעמט מען פאַשע פאַר זייערע פערד?

אין אַ העלן פרימאָרגן איז דאָס מיליטער אַוועק און געלאָזט נאָך זיך דעם טרויעריקן אָנדענק: ה ו נ ג ע ר.

די אַסימיליאַטאָרן פון אונדזער שטאָט האָבן זיך נישט געמאַכט זעענדיק די פיינטלעכע האַלטונג כלפּי די יידן מצד דער מערהייט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג.

איך געדענק אַן „אינצידענט" מיט מיינער אַ לערערין צוליב אַ שול־אַרבעט. זי האָט מיר געגעבן אַן אויפגאַבע, צו שרייבן אַ חיבור אויף דער טעמע: „ווי שטאַרק ליב איך מיין געבורט און היימלאַנד פּוילן". זי, אַן אַסימילירטע, האָט געהאָפט, אַז איך וועל זינגען „הלל" דעם לאַנד, ווו עס בושעוועט דער אַנטיסעמיטיזם, ווו מען שרייט „זשידזשע פאַרשיווי דאָ פּאַלעסטיני!". מיין באַשרייבונג האָט זי אַנטוישט. איך האָב אין מיין אַרבעט דערציילט וועגן מיינע סענטימענטן פאַר מיין געבוירנשטאָט, ווו איך האָב פאַרבראַכט מיינע קינדעריאָרן (ווער קאָן דאָס פאַרגעסן!), איך האָב געשילדערט אַלע הערלעכע ווינקעלעך, געמאָלן דעם פּייזאַזש און פאַרענדיקט: „פיל מאָל האָבן מיר דאָס געפיל, אַז מיר דרייען זיך דאָ אַרום, ווי דער פוקס פאַרן ווייַנגאָרטן — די וויינטרויבן זיינען פאַר אונדז זויער... אַ סוף צו אַלע אילוזיעס, מען מוז זוכן אַ נייע חיים!"

אויך צווישן מיינע חברים פון „צעירי־ציון" האָט מיין מיינונג נישט אַרויסגערופן פאַרשטענדעניש. ווען איך האָב געזאָגט: „לאָמיר פאָרן, וווהין די

אויגן וועלן ווייזן, בלייבט נישט פאַרגליווערט אויפן אָרט! ווען איר וועט זיך וועלן רירן, וועט שוין אפשר צו שפּעט זיין!״ זיי האָבן געהאַלטן, אַז איך טרייב איבער, מאָל דאָס בילד גרויליקער ווי עס איז.

איינציקווייז און לאַנגזאַם האָט מען געענדערט די מיינונגען. כמעט אַלע האָבן איינגעזען, אַז פון סענטימענטן קאָן מען נישט מאַכן קיין לעבן. אין די בריוו צו מיר קיין ענגלאַנד האָבן זיי געמאָלן די ביטערע ווירקלעכקייט. מיר ווידער האָט זיך שטאַרק געבענקט צום „לאַסעק״, צו די וואַסערן פון דער וואַרטא, וואָס פליסן לאַנגזאַם־געמיטלעך, אָבער — חוץ די סענטימענטן איז פאַראַן אַ האַרטע און גרויזאַמע ווירקלעכקייט.

אין יאָר 1919, צוויי יאָר נאָך די צוויי גרויסע געשעענישן אין דער יידישער און אַלגעמיינער וועלט — די באַלפור דעקלעראַציע און די רוסישע רעוואָלוציע — האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פוילן אויף אייביק. די שיינע לאָזונגען „מלחמה דער מלחמה״ און „מיט דער אומאָפּהענגיקייט פון פוילן וועט געלעזט ווערן די יידן־פּראַגע״ — זיינען געבליבן אויפן פּאַפּיר. איידער עס האָט אָנגעהויבן דונערן און בליצן האָבן פיל יוגנטלעכע, און איך בתוכם, פאַרלאָזט פוילן.

מיר זיינען אַוועק אין פאַרשיידענע לענדער, זוכן דעם חלום פון אַ נייער וועלט.



קבוצת בני קולו בצבא הפולני — אַ גרופּע יוגנטלעכע פון קאָלאָ אין פוילישן מיליטער
זיצן (פון רעכטס צו לינקס): י. פשעדעצקי, א. מאַרקאָוויטש. שטייען: טרייבער, ברוקשטיין.

**אבל יאַרמוש**

# דערשאָסן דורך קאָזאַקן

(זכרונות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה)

נאָך די רציחות פון די נאַצים, זיינען בלאָס אַלע גרויזאַמקייטן, און פונדעסטוועגן קאָן איך זיך נישט באַפרייען פון דעם רושם, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט דער טויט פון אַ מענטש, וואָס איז אומגעקומען פאַר מיינע אויגן.

קאָלאָ, ווי אַ סך שטעט און שטעטלעך אין פוילן, האָט שטאַרק געליטן פון די פאָגראָמירער בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. די שטאָט איז באָמבאַרדירט געוואָרן, די בריקן — פאַרברענט, יידישע געשעפטן — צעראַבירט און עס זיינען אויך געפאַלן קרבנות. דריי אומשולדיקע יידן האָבן אין יענע מוראדיקע טעג זייער לעבן פאַרלוירן: אברהם יעקב באנד (ער איז דורך קאָזאַקן פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט אין וואַלד, נישט ווייט פון שטעטל קלאָדאווע. די רוצחים האָבן אים לעבעדיקערהייט באַגראָבן), דער זייגערמאַכער ליפקי איז צעשטאָכן געוואָרן אין זיין וואַרשטאַט און חיים יילאָווסקי — איז דערשאָסן געוואָרן לעבן זיין הויז.

דאָס איז געשען אין 1914. צוויי חדשים נאָך דער דייטשער אקופּאַציע, האָבן די רוסן אָנגעהויבן אַ קעגנאָנגריף. דאָס דייטשע מיליטער האָט זיך צוריקגעצויגן. אַ שרעק האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע באַפעלקערונג. פון שכנותדיקע שטעטלעך זיינען דערגאַנגען טרויעריקע ידיעות. אין קלאָדאווע האָבן די רוסן אומגעבראַכט צוויי אומשולדיקע יידן: נחום טשעטשינסקי און יעקב ראַיעווסקי. קאָזאַקן האָבן זיי אויפגעהאָנגען אין דער אָנוועזנהייט פון זייערע משפחות.

די טרויעריקע נאָכריכט האָט נישט אויפגעהערט פייניקן: וואָס וועט זיין מיט אונדז? צי וועלן אונדז אויסמיידן די שווערד און פייער?

אין אַ כסלו־טאָג, מיטאָג־צייט, האָבן מיר דערהערט אַ קאַנאָנען־שיסעריי — דאָס האָבן די רוסן באָמבאַרדירט די לעצטע דייטשע פּאָזיציעס. די פאַרבליבענע דייטשע זעלנער זיינען אַריין אין די אָקאָפּעס אויפן בולוואַר.

אין די גאַסן האָט מען געזען לויפן מענטשן, וואָס האָבן געשריען און געזוכט אַ באַהעלטעניש. יעדער איינער איז אַוועק צו זיין הויז און אַראָפּ אין די קעלערן, פאַרריגלט טיר און טויער. פון הויז צו הויז איז דערגאַנגען אַ שמועה: זיי זיינען שוין דאָ, מען האָט זיי געזען אויף דער פאָרשטאָט! גאָט אין הימל ווייסט, וואָס מיט אונדז וועט זיין!..

אין דער דערמאָנטער צייט בין איך געווען אין דער דירה פון דער פאַמיליע קעמפּינסקי. איך האָב געהאָלפן די קליינע קינדער אַריינפירן אין קעלער.

נאָכדעם ווי איך האָב פאַרמאַכט די לאָדנס האָב איך דורך די שפּאַרונעס געכאַפּט אַ בליק זען וואָס עס טוט זיך אין דרויסן.

דער מאַרק איז געווען פּוסט — קיין לעבעדיקער נפש. אַ שראַפּנעל האָט געטראָפן דעם בית־מדרש און אָפּגעריסן אַ שטיק מויער. אַ צווייטער שראַפּנעל האָט געטראָפן די שענק פון יעקב באַנד — זיין 15 יעריקע טאָכטער איז דערהרגעט געוואָרן. בליץ שנעל זיינען די ידיעות דערגאַנגען צו די מענטשן אין די קעלערס.

אַז די שיסעריי האָט אויפגעהערט איז צו דער פאַמיליע קעמפינסקי אַריינ־געקומען דער ווירט פון הויז, חיים יילאָווסקי און צוזאַמען מיט אונדז געזעסן אַ קורצע צייט. מען האָט גערעדט וועגן די לעצטע פּאַסירונגען און קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז עס דערוואַרט אונדז נאָך אַן אומגליק.

אַרום 9 אַ זייגער אין אָוונט איז געוואָרן אַ באַוועגונג אין מאַרק. די נאַכט איז געווען ליכטיק, ווי אין האַלב חודש. איך זע אַ סך רוסיש מיליטער אויף פערד און אַ באַנדע אָרטיקע כוליגאַנעס, זיי האַלטן ליידיקע זעק אין די הענט.

אין עטלעכע מינוטן אַרום הערט זיך אַ קלאַפּן אין טויער: „אָטוואָרי!” (עפנט!). אַן אימת־מוות איז אַלעמען באַפאַלן. עס איז נישט געווען קיין ברירה, מען האָט געמוזט עפענען. אברהם־מענדל קעמפינסקי און חיים יילאָווסקי זיינען אַרויסגעגאַנגען און געעפנט דעם טויער. איך האָב געזען ווי עס ווערן אַריינגעפירט פערד. באַלד האָט אָפּגעהילכט אַ שאָס פון אַ ביקס, גלייך ווי מען וואָלט אין צימער אויסגעשאָסן. די טיר איז אויפגעפּראַלט געוואָרן און עס איז אַריינגעלאָפן קעמפינסקי. דאָס יאָמערלעכע שרייען פון יילאָווסקיס פרוי האָט אונדז אַרויסגערופן אין הויף. אַן ערך 10 טריט פאַרן אַריינגאַנג, איז געלעגן יילאָווסקי און פון קאָפּ האָט גערונען בלוט.

מען האָט דעם דערמאָרדעטן אַריינגעטראָגן אין שטוב און דאָס געוויין פון דער אלמנה און יתומים האָט געשניטן דאָס האַרץ. די אויגן פון מת זיינען נאָך געווען אָפן, ווי זיי וואָלטן געפרעגט: פאַרוואָס האָט מען אונטערגעבראָכן מיין יינג לעבן?

אַ גאַנצע נאַכט בין איך געזעסן און נישט געקאָנט קיין אויג פאַרמאַכן. פון צייט צו צייט האָב איך נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן און שטיל געכליפּעט.

צומאָרגנס איז פאַרגעקומען די לוויה פון צוויי קרבנות און דאָס גאַנצע מתים־געסל איז געווען געפּאַקט — ווער איז נישט געגאַנגען זיי אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד?

איבער פערציק יאָר זיינען אַדורך פון יענער טראַגישער פּאַסירונג און איך קאָן זי נישט פאַרגעסן.

דב אבישלום

# התיחדות עם עולם שהועלה על המוקד

## א. צדקה

אספר בשבחה של עירנו: קולו היהודית נתברכה במעשי־צדקה, אנשיה גילו רוח של חמלה ורחמים לזולת. לא ברעש ולא בפרסומת עשו מה שעשו. תיזכרנה לטובה הנשים, שמצוינות היו במצווה זו, ביניהן היתה גם אמי נ״ע, שנקראה בפי הבריות „חנה הרבנית״, והיא בת הרב ישכר דב פוזננסקי, מחבר ספרים תורניים.

זכורני, כשאבי יצא השוקה לקנות מצרכי־מזון — היתה אמי מזכירה לו, כי עליו להביא פרגית, כדי להכין מרק מבריא לחולה פלוני שבעיר. כשהעופות בלולנו הטילו ביצים, היתה אמי מייעדת את הנבחרות שבהן בשביל חולים עניים, שאין ידם משגת לקנות מזון להבראה.

מדי שבת בשבתו ואורח־עני קרוא לביתנו. הושבנוהו בראש השולחן והענקנו לו מן הטוב שבמאכלים. במוצאי־שבת קיבל האורח מעות־כיס, ואבי היה מסיע אותו למחוז־חפצו.

כמה נשים צדקניות היו חוזרות על הבתים ואוספות תרומות־כסף ובגדים בשביל משפחות מכובדות שירדו מנכסיהן. חברת „הכנסת כלה״ אספה ציפיות וכרים, נוצות ובדים, שמלות ומעילים בשביל כלות עניות. יש שגם נדוניה ורהיטים ניתנו לזוג הצעיר. כלה ענייה אחת קיבלה סכום גדול — 500 דולרים. הנשואין נערכו בזמן הקבוע ורבה היתה השמחה של החתן, שרכש לו בכסף דירה וכלי־עבודה. לשם איסוף תרומות נסעה אמי פעם לדאנציג והשיגה את מטרתה: מסרה את הסכום לנצרכים.

שישה ילדים גדלו בביתנו ואמי הכבידה על עול־הפרנסה באספה לבית שני יתומים. הילדים העניים היו כבני־בית, כאילו בני הורינו הם. הילדה גדלה בביתנו עד שנשאה לאיש.

בימות מלחמת העולם הראשונה היו בני העיר מארחים חיילים יהודיים. כשנה וחצי התגורר בדירתנו חיל יהודי, כבתוך שלו היה יושב. עם תום המלחמה נתנו לו בגדים וגם כסף שיסתדר בעסק.

יצורפו שבחים אלה לכתר־התהילה של טהורי החיים ושוחרי הטוב שניספו בימי השמד הנאצי.

## ב. הגימנסיה העברית

הגימנסיה העברית שבעיר היתה אוטרקויסטית, מטיפוס בתי האולפנא הגבוהים שיסד ד״ר ברוידא בעיר לודז׳. לימודי היהדות תפסו מקום נכבד בתכנית

הלימודים. הלשון העברית, הדקדוק, תולדות ישראל, תולדות הציונות וכתיבת **ארץ ישראל** — נלמדו בכל כיתה 10 שעות בשבוע. המפקח על לימודי היהדות היה המשורר יעקב כהן. בבואו לבקר בבית הספר הילל את הרוח הלאומית הפועמת בלב המורים והתלמידים.

בנים רבים, חניכי הגימנסיה, זכו לעלות ארצה לפני בוא השואה ועשו בעיר ובכפר למען בניין הארץ. את הרוח הציונית טיפחו־החדירו המורים י. פוקס ז״ל, וייבדלו לחיים ארוכים — אברהם אביטל וי. וינשטוק, כיום שופט־שלום בתל־אביב.

רמת הלימודים בגימנסיה היתה גבוהה, ואעפי״כ נשללו ממנה זכויות מסוימות. בוגריה לא קיבלו תעודות־גמר, והם הוכרחו להיבחן בגימנסיה פולנית כאכסטרנים. לא אחת ניסו הבוחנים להכשיל, אולם רובם של הבנים הצליחו בבחינות.

רופאים, עורכי דין, מורים, מהנדסים, רבנים וסופרים שחונכו בקולו — חיים כיום בישראל והם פעילים בחיי־הציבור בארץ.

## ג. ציון לידיד-נעורים א. ד. וסרמן ז״ל

עם אברהם־דוד, אחד מבני עירנו, שגילה כשרונות כעיתונאי — למדתי בחדרו של ר׳ כתריאל שאלאדאַווסקי. יחד שינַנו את השיעורים וכן ערכנו התחרות בכתיבה תמה: מי מאתנו נאמן יותר למורה שלנו, שהצטיין בכתב ידו היפה. היינו רעים טובים — נפש נקשרה בנפש.

עברו שנים ונפרדו הדרכים: הוא התחיל ללמוד בבית המדרש ואני — התחלתי לבקר בגימנסיה העברית. לא קָם חייץ בינינו, נשארנו ידידים, קשורים באידיאלים משותפים. כל אחד מאתנו הביא לשיחה מן התחום שלו.

כאשר עברתי לוורשה, שם השתלמתי בלימודי, החלפנו מכתבים. בימות החופשה נפגשנו שוב. צמאים היינו לשיחה ארוכה. התווכחנו רבות על שאלות העומדות ברומו של עולם, כל אחד האזין ביחס של כבוד לדברי הזולת. אהבתי את קריאתו. בעזרתו הכרתי משוררים עבריים מתקופת ההשכלה. שמעתי בעניין את סיפוריו על הצדיקים, גדולי החסידות. נעמו לי השירים החסידיים ששר בקול ערב וליווה אותם בכינורו.

את רגשותיו והגיגיו הביע גם בכתב. פרסם כתבות בעתון מקומי ואף בעתון שהופיע בוורשה, בירת פולין. ברוב כישרון הצליח לשרטט דמויות של פשוטי העם.

## ד. הזכרת שמות לשם מה?

יש ערך להזכרות שמות אבות. עם הזכרת שמותיהם שבות־חוזרות אלינו שנות נעורים וגם בית־אבא. אחריהם נמשכים ובאים הערכים שירשנו מאבותינו.

קהילות ישראל שנשמדו ונמחו השאירו לנו מורשה, שאותה ננחיל לבנינו. נפש המורשה — אהבת ישראל.

# דער לעצטער גבאי פון בית־המדרש

די גבאים פון די בתי־תפילה, בתי־כנסת, בתי־מדרשים און חברות־צדקה, זאָלן זיי אַריינגענומען ווערן אין אונדזער פאָלקס־פּאַנטעאָן. זיי האָבן דאָך געטאָן זייער וווילטעטיקע אַרבעט אָן יעדן אָפּצאָל. מיט אַ סך האַרץ האָבן זיי דערפילט זייער פליכט, אָפּגעהיטן די אינסטיטוציעס ווי אַן אויג פון קאָפּ, געשאָנעוועט יעדן צדקה־גראָשן לטובת־הכלל. ווו נעמט מען די דאָזיקע יידן, די נקיי־כפּיים?

נישט צו די טאָקסע־פּאַכטער, וועלכע האָבן אויך געטראָגן דעם נאָמען גבאי, האָט געהערט ר׳ וואָלף בוצקער. נישט נאָך כבוד און גדולה איז ער געגאַנגען צו זיין אַמט. דער ציבור האָט אויף אים אַרויפגעלייגט די גבאות, האָט ער זי געטראָגן ווי אַן עול און אַ כבוד. לאַנגע יאָרן האָט ער דערפילט דעם דאָזיקן אַמט — געווען גבאי פון בית־מדרש און פון אַנדערע קהילהשע אינסטיטוציעס. זיין אַ גבאי פון בית־מדרש איז נישט געווען פון די גרינגע זאַכן. דאָס איז נישט געווען אַ בית־תפילה, ווי די שול מיט געקויפטע פלעצער. דער בית־מדרש איז געווען אָפן פאַר יעדן איינעם, פון רייך ביז אָרים, חסיד און מתנגד האָבן זיך דאָ געטראָפן. אַ וואָכזאַם אויג האָט געמוזט אָפּהיטן, אַז מען זאָל נישט דאָ אַריינטראָגן די טאָג־טעגלעכע רייבונגען, מאַכן „פּריוואַטע חשבונות״...

נישט נאָר דאַווענען דריי מאָל אין טאָג איז מען געקומען אין בית־מדרש. עס איז אויך געווען אַ מקום־תורה און אַן עדות דערויף זיינען געווען די ספרים־שענק און די לאַנגע טישן. ביז צו ר׳ וואָלף בוצקערס גבאות, האָבן די ספרים זיך געפונען אויף פּאָליצעס, געווען הפקר און אויך מילבן האָבן זיי געלעכערט. די באַלויכטונג זיינען געווען פּאַראַפין־ליכטלעך און נאַפט־לאָמפּן.

— איז קהל אַזוי אָרים? — האָט ר׳ וואָלף געפרעגט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון גבאים און מתפללים, וועלכע עס האָט געערגערט דער צושטאַנד פון בית־תפילה. נאָכן אויסהערן זיין רעמאָנט פּלאַן איז אָנגעפאַלן אַ פּחד: פון וואַנען נעמט מען אַזויפיל געלט? אָבער ר׳ וואָלף האָט זיך איינגעשפּאַרט: ליכטיק זאָל זיין! ריין זאָל זיי! זאָלן ספרים־שענק זיין אַ צירונג פאַר דער דרום־וואַנט! דאָ וועט נישט זיין קיין הכנסת אורחים!

אַלע זיינע פאַרשלאָגן זיינען אָנגענומען געוואָרן און ער האָט זיך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט. דאָס בית־מדרש איז רעמאָנטירט געוואָרן און אויך אינעווייניק האָט עס באַקומען אַ נייע צורה: עלעקטריש ליכט, ספרים־שענק און — ריינקייט.

נאָכן בית־מדרש איז געקומען די רייע פון הכנסת־אורחים. ער האָט אַראָפּגענומען די חרפּה פון דער שטאָט, וועלכע האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין פאַרשטענדעניש פאַר די אָרימע לייט. מען האָט ווידער באַנייט דעם הכנסת־אורחים און באַשטימט אַ קאַסיר, וואָס האָט יעדן פרעמדן אָרימאַן געגעבן אַ פּאָר זלאָטעס, באַזאָרגט אים מיט אַ נאַכטלעגער אויף דריי נעכט און דריי מיטאָגן. דער קאַסיר איז געווען בראַם.

פאַרשידענע אינסטיטוציעס האָבן געבעטן זיין הילף, געוווּסט אַז זיין האַנט איז אַן אָנשפּאַר. די רעליגיעזע שולע „עץ חיים", האָט אים אויסגעוויילט אין פּרעזידיום. אויך דאָ האָט ער עפּעס אויפגעטאָן: געזאָרגט, אַז קינדער פון נישט־פאַרמעגלעכע עלטערן, זאָלן אָנגענומען ווערן אָן שכר־לימוד.

און אַ קליינער עפּיזאָד וועגן זיין וותרנות אין באַצוג צו יידן און גויים. אַ שכן פון זיין הויז, סאַלטישיק, האָט געוואָלט זיך אויסדרייען פון צאָלן דירה־געלט. די זאַך איז דערגאַנגען צום שטאָטישן געריכט. דאָ האָט דער גוי געטענהט אַז ער איז נישט שולדיק. דער שופט האָט גערופן דעם גלח און געפאָדערט פון אָנגעקלאָגטן אַ שבועה. ווען דער גלח איז געקומען האָט ר' וואָלף געזאָגט צום ריכטער: איך וויל אויסמיידן אַ פאַלשע שבועה און בין מוותר אויף מיין געלט!!!

דער דאָזיקער פאַקט האָט אויפגעטרייסלט הערצער: גויים און יידן האָבן דערוועגן גערעדט.

נישטאָ מער דאָס בית־מדרש און אויך דער לעצטער גבאי ר' וואָלף ביצקער, וועלכער האָט געפונען זיין טויט, צווישן די הונדערטער מתפללים, וועלכע זיינען אומגעקומען אין כעלמנאָ.



מפובירצ'ה מובילים יהודים לחלמנו
פון פאַוויערטשע פירט מען יידן קיין כעלמנא

**א. פורת ול. אברמוביץ**

# אחד ממצניעי־לכת

(לדמותו של ר׳ אברהם פרוסט ז״ל)

רבים בעיר היו מכבדים את ר׳ אברהם פרוסט, איש ענו וישר שפירנס את משפחתו בעמל כפיו, ומטרת חייו — לעזור לעניים ולסובלים. יש שדאגותיהם קדמו לדאגותיו הוא. מדי שבוע בשבוע, ביום הששי בין הערביים, הקדיש את זמנו לעניי העיר, שלא הכינו אפילו סעודה אחת לשבת. יחד עם ר׳ גליקסמאן, חברו בלימוד תורה ב„שטיבל״, היה סובב על פתחי האנשים האמידים ואוסף צרכי אוכל. עם חשיכה, היו שניהם מביאים את האוכל לדירות החשוכות של העניים המכובדים, שהתביישו לפשוט יד.

עניים מרודים ופושטי־יד מכל קצוות הארץ, שנזדמנו לעירנו — מצאו באברהם פרוסט משען. הוא היה אחד הגבאים שחילק „קוויטלעך״ ובהם שם של בעל־בית שיארח את העני, או ה„אורח״. יש שבעל הכתובת סירב לקבל את הנשלח — ואז חזר העני בבושת פנים לאברהם פרוסט. מכאן לא יצא רעב; ר׳ אברהם חילק עמו את מנתו ואמר: „אני — אם לא אשבע היום, אמצא מזוני ביום אחר, אבל פלוני... מי יודע כמה ימים לא בא מאכל חם לפיו...״

שנים רבות היה מספק נעליים למוסדות־השלטון, ואת קשריו עם הפקידים ניצל כדי לעזור ליהודי בשעה קשה. לא אחת נאסר בעל־עסק כתוצאה מהלשנה. אז ידע ר׳ אברהם כיצד להקל על האומלל. והנה מקרה אחד מיני רבים: בערב פסח נאסר ר׳ אביגדור באום, וכל השתדלנים לא הצליחו לבוא במגע עם פקידי השלטון. ר׳ אברהם פנה אז לממונה על בית־הסוהר, והשיג רשיון לערוך „סדר״ כהלכתו באחד מתאי הכלא. „סדר״ זה, שבו השתתפו כמה מבני משפחתו — הפיג במקצת את כאבו של האסיר.

אדוק היה ר׳ אברהם פרוסט וזכה באימון מלא בחוגים הדתיים, הנזהרים מאוד על כל מצווה, ובייחוד בחג הפסח: שאז יכינו לעצמם מצה מיוחדת — „מצה שמורה״. הוא ור׳ יעקב בראם סיפקו מצה זו לעשרות משפחות בעיר.

ההתעסקות ב„מצה שמורה״ החלה בחודש אדר. אז הוזמן קמח בעיר שלעשין, בטחנה שהיתה בהשגחתו של הרב המקומי, שבשעת הטחינה דאג שהקמח לא יבוא במגע כלשהו עם דבר חמץ. הקמח הובא לעיר בשמירה מעולה, וכאן חילקוהו בשקיות מיוחדות שנתפרו למטרה זו.

האפייה נעשתה בערב פסח, לאחר ביעור החמץ מכל הבית. כמה מניינים של אדוקים, במשמרות, היו באים למאפייה ועוסקים בהכנת המצות. הם לשו את הבצק,

העבירו את המעגילה על כל חתיכה וחתיכה, נקדו את העיגול הדק — ובשעת מעשה שרו שירי־תפילה. בין העושים בעבודה זו היה גם הרב דמתא.

אברהם פרוסט שמוצאו מהעיר גולין, היה נצר למשפחת רבנים (מסורת של 12 דורות), אולם אף פעם לא עשה זאת עטרה להתפאר בה. חייו היו חיי עמל וענווה. בעולמנו ראה רק פרוזדור...

כשמו היו גם הליכותיו עם הבריות. תיזכר לטובה אשתו רייזל, בת סופר סת״ם, שעזרה בכל דרכיו ואיפשרה לעשות למען עניי העיר וצרכי הציבור.



ר׳ אברהם פרוסט ואשתו רייזל, שנשמדו במחנה־השמדה.
ר׳ אברהם פראָסט און זיין פרוי רייזל, אומגעקומען אין אַ טויט־לאגער.

## העסקנית בצרכי ציבור מלכה מוטל ע״ה

בין ראשוני העליה השלישית יוצאי קולו היתה משפחה אחת של חסידים — משפחת אברהם מוטל. הצהרת באלפור ונחשול העליה עוררו גם את המשפחה הזאת, אנשים עמלים וצנועי־לכת. חשוכי בנים היו וכל שנותיהם ביקשו לעשות למען הציבור כדי למלא חסרונם. בימי מלחמת העולם הראשונה היתה מלכה מוטל מהמתנדבות לפעולה ב„ביליקע קיך״, לכלכל את פליטי המלחמה שמצאו מחסה בעירנו. הכל הוקירו את אשת החייל והעמידו על נס את התמסרותה לטובת הכלל.

בעלותם ארצה הלך אברהם מוטל לעבודת הכיבוש, נתקבל בבתי המלאכה של הרכבת כרפדן ועבד שם כעשר שנים וזכה להערכה. בעצם ימי המאורעות, בלכתו מעבודתו, הותקף ברחוב נצרת שבחיפה ע״י כנופיות מרצחים ולא חזר לביתו.

לאחר מות בעלה ביקשה מלכה מוטל להנציח את זכרו. היא פנתה אל הקהילה בחיפה והציעה את ביתה ל„מוסד אבות״ — יהיה בית שלה מקום שיבלו זקנים וזקנות את שנות חייהם האחרונות בשלווה ולא ידעו חרפת רעב. לא ביקשה מהקהילה כל תמורה, כמו בעירנו בקולו התנדבה לעבוד שם והיא לא קיבלה כל פרס. עד ימיה האחרונים התפרנסה מעמל כפיה.

**מאיר בראנד־אורבן**

# בפרבר הַוַרְשָׁאִי

שני פרברים היו לעיר קולו: אחד הוא הפרבר הקלישאי שבצפונה של העיר והוא דל־בתים ואוכלוסין, ואחד — הפרבר הוורשאי, שהיווה מעין שכונה בפני עצמה. הכפר הסמוך נתן רישומו בו וגם טעמו וניכר שהוטבע בו מההווי שלו. כמאה וחמישים משפחות יהודיות לערך התגוררו בו. היו רוב מניין ורוב בניין, והשאר — נוצרים ואוואנגלים, האחרונים — כמה עשרות בלבד.

רובע זה של העיר, מן הרחוב שנקרא „שדרות ע״ש הגנרל דומברובסקי״ — תחילתו הוא מגרש רחב ידיים, שעליו נמצאת המנסרה הגדולה בבעלותה של משפחת ראוף. בקרבתה — טחנת הקמח של משפחת נוימן — בניין גדל־מידות. בשכנותה — בית־מסחר פולני „הסינדיקאט״, שנוצר למלחמה כלכלית נגד החנוונים היהודיים שבעיר. ממולו — בית־מרחץ עירוני מודרני, הפתוח לכל דורש.

לא ככל הרחובות רחוב זה. אם ניתן דימוי לו, אנו נדמהו ל„כף סופית״ שקצה ראשה נוטה ימינה. מצד ימין בנויים בתים, בטור ארוך, אחד ליד רעהו. לא כן מראהו מצד שמאל, שמעבר לכביש הסלול באבני־שדה. ממול טור הבתים נמצא המגרש שנועד למשחק כדורגל, והוא גם משמש מקום למשא ומתן בימות השוק, אחת לחדשיים. הלאה מזה — הגן העירוני, הפאַרק ע״ש הקומפוזיטור מוניושקו. בימי שבת ומועדים התהלכו בשביליו ובשדרותיו בני־הנעורים, ילדי ישראל, ואף אנשים מבוגרים באו לכאן לנוח על הספסלים המסוככים בצמרות־עצי־נוי. ערוגות הפרחים והמזרקות והביתן המכוסה צמחים מטפסים ופינות־הסוד שבו — מי לא יזכור אותם? גננים טיפלו בגן זה ועשוהו פינת־חמד שבעיר.

ממול הגן — סימטה קצרה וצרה, ובקצה — טחנת הקמח השנייה בבעלות של המשפחות גוטמן וזלמנוביץ׳.* מכאן ואילך מתחיל עיבורה של העיר — שדות זרועים תפוחי־אדמה וירקות למיניהם.

במפנה הרחוב, סמוך לבית־משפט השלום והמספרה של האחים פינקלשטיין, צלבו את השדרות שני רחובות, אחד מכאן ואחד מכאן: הרחוב מצד שמאל הוא „השלושה במאי״ ובו בית החרושת למכונות חקלאיות של משפחת נאשלסקי, והרחוב ממולו — מצד ימין — רחוב טורונסקה, שנקרא לפנים רחוב־סומפולנה, כי מכאן נמשכה הדרך לעיר סומפולנה. עם התמורות בשלטון שינו את שם הרחוב לשם הנושא את שמו של מארגן הלגיונות הפולניים הראשון — מרשל יוזף פילסודסקי.

---

* במשך שנים מספר הוחכרה טחנה זו ע״י ר׳ נתן בראנד.

ארוך הוא רחוב השדרות, אולם מועטים המבנים שבו, מצד אחד — מגרש ריק, ששימש מקום מרעה. בשדרות מצויים היו שני בתי חרושת. מצד שמאל — המפעל של משפחת פוגל: טוֹל לציפוי גגות, ומצד ימין — בית חרושת לכלי חרסינה בבעלותו של הפולני פריידנרייך.

בני־קולו שניצלו מהשואה, ודאי זוכרים עדיין את הצריפון הקטן ברחוב השדרות, ובו חנות לממתקים של פטלובסקי. בחנות זו אפשר היה לקבל גם ארוחה קלה וחמה, בימות החורף, ומשקאות קרים וגלידה, בימות הקיץ. מי שהלך לתחרות כדורגל ומי שלגן העירוני — היה פוקד את החנות הזאת, כדי להשיב נפשו.

ליד צריפון זה נטה שביל, שהוליך לבית העלמין היהודי הישן. השביל עובר בשדות מרעה, מעלות ומורדות, עד לשערי מקום־המנוחה.

בהמשך השדרות, בקרבת הגשר הנטוי על פני הוארטה, עמדו הבניינים של הכנסייה האונגלית ובית־ספר עירוני.

מקורות הפרנסה של רובם מתושבי הפרבר הוורשאי היו שונים מאלה של השוכנים במרכז העיר. אף הפרנסות הטביעו חותמן על המתפרנסים: סוחרי־דגן וביע״ף תפסו מקום ראשון. הואיל וסמוכים היו לכפרים — קשרו קשרים הדוקים עמם. לפעמים נדמה היה כי הכפר פשט לעיר ונתן בו אותותיו.

מאיכרי הכפר למדו תושבי־הפרבר לגדל בחצרות ירקות וגם לטפל בפרה ובעז, לא לשם מכירת חלב, אלא לצרכי הבית. לולים לעופות היו מצויים כמעט בכל חצר. כמה יהודים מהפרבר שאפו גם להוציא פרנסתם מהקרקע, וביניהם ר׳ נוּטע שווארץ, שהחזיק בית־בד, ור׳ נתן בראנד, שהיה בעל אחוזה בכפר לוביני.

לפני שנכנסו האיכרים בימות־השוק למרכז העיר, נעצרו ברחובות הפרבר ע״י הסוחרים היהודיים שמישמשו בשקים ובסלים שעל העגלה. לפעמים „עטו״ על איכר אחד כמה סוחרים שהתחרו זה בזה, כל אחד רוצה להקדים את חברו ולזכות בסחורה. וה„גוי״ מחייך להתחרות המבישה שנסתיימה לא אחת בקטטה ובמכות וב...פשרה. הסחורה נקנתה בשותפות.

משראו סוחרי־הדגן, כי מההתחרות הזו הם יוצאים נפסדים, גמרו אומר ביניהם לארגן את הקניות בשותפות. זכורות לי שתי שותפויות: אחת של המשפחות בראנד, שווארץ, זילברברג, בלום וגולדברג, ואחת — של האחים פוקס ובניהם. השותפויות הללו לא האריכו ימים, התפרקו לעתים, אבל כעבור זמן־מה שוב התאחדו, כי ההתחרות הפרועה דילדלה אותן.

שקי התבואה הובאו למחסנים לתפזורת. מכאן הובאו לטחנות הקמח או למחסנים הגדולים של הסיטונאים ריטשקה וצ׳רניאק, שהובילו קרונות דגן ברכבת־המשא לערים הגדולות שבמדינה, או ייצאו אותם לגרמניה.

לסוחרים הגדולים היה מגע עם בעלי־האחוזה שבסביבה. הם היו נוסעים ל„פריץ״ ועשו את עסקיהם בחדרי־חדרים. יש ששילמו מראש, לפני הקציר, ויש

שהילוו גם כסף בריבית ובזאת קנו „חזקה" על היבול... הסוחרים הקטנים כיתתו רגליהם לכפרים, פקדו כל ביקתה ובית של איכר, תהו בשיחתם על התוצרת הנמצאת בממגורה. אמסור כאן את הפתיחה של שיחה שיגרתית:

— „צו חציצי קופיטש" (מה רצונכם לקנות) — קידם האיכר את היהודי שדרך על סף ביתו.

— ויצי; ז'יד גלופי, צו מו שיען נא טראפי — טו קופי! (ידוע, יהודי טיפש קונה מה שנזדמן לו...) — השיב הסוחר.

בפרבר הוורשאי היתה איבת הנוצרים לשכניהם היהודים גלויה ביותר. התושבים הנוצרים הוסתו ע"י פעילי המפלגה האנדקית, שעוררו קנאה ושנאה כאחד וציוו לנתק כל מגע עם היהודים. כדי שלא יזדקקו לחנויות של היהודים הקימו הנוצרים האנטישמיים צרכניה ברחוב טורונסקה, בשם „ספוינה". אחד־אחד משכו את הלקוחות, משכו אותם ע"י מכירה בהקפה ובמחירים מוזלים — פתיון שלא עמדו בו זמן רב. בכל מקום עשו פרסום לסיסמתם: „כל אחד לבן־בריתו ולמה ששייך לו".

האנטישמים לא מצאו די בזאת ויסדו „סינדיקאט" — חנות כל־בו לברזל, למכשירי־מלאכה ולכלי־חקלאות. מי שלא היה לו מזומנים — שילם בתוצרתו.

הואיל ובית־מסחר זה היה סמוך לכפרים — משך הרבה מלקוחות החנוונים היהודים. מטרתם של פקידי הסינדיקאט היתה להביא את היהודים לפשיטת רגל, שלא יחזיקו מעמד ויחסלו את עסקיהם. כאשר לא הצליחו בזאת — ערכו „רשימה שחורה" של הלקוחות הנוצרים הקונים אצל יהודים ואיימו עליהם ב„חרם"...

בשנת 1914 יסד ר' יוסף זאב בראנד את בית־התפילה הראשון „לינת צדק", בהעמידו בית קטן בחצרו למטרה זו. מקדש מעט היה מקום־התפילה לתושבים שברחוב טורונסקה. שלוש פעמים ביום באו אליו לתפילות שחרית, מנחה ומעריב. ר' יוסף זאב בראנד התמסר בכל ליבו לבית־הכנסת הזה, הוא היה נוהג לדרוש בשבתות מעניני דיומא, תמיד בעניני ציון וציונות.

העוברים לפני התיבה היו: ר' מאיר מינשטיין, נאפארסטק, איסר יעקב בלום ור' נטע בראנד. הבעל־קורא הקבוע היה ר' יוסף זאב. הוא היה משמיע גם תגובותיו על הנעשה בעולם הפוליטיקה, בהפסקה שבין מנחה למעריב.

בבית הכנסת הזה התרכזה גם הפעולה של „ביקור חולים", בו נאספו גם כספים בשביל „מלבוש ערומים" שעסקניה שיתפו פעולה עם העסקנים במרכז העיר.

ואלה שמות המתפללים בבית־התפילה „לינת הצדק":

הגבאי יוסף זאב בראנד, ובניו —שמואל־צבי, ראובן ונתן (הראשון מתגורר בירושלים); נתן שווארץ, אהרן יעקב שווארץ, שמעון שווארץ, וולף שווארץ; יעקב אושטר; אפרים זילברברג ובנו; חיים גולדברג; האחים איסר, נטע ושמואל

גולדברג· ישראל יצחק מיכלזון **ובניו:** יעקב, מלך, צבי; נתן בראנד **ובניו:** מרדכי, אהרן ומאיר (**האחרונים — בישראל**); איסר יעקב בלום **ובנו** אהרן; זליג ברוקשטיין **ושלושת בניו**; גצל פוקס **ובניו**; שלמה ארבר; פייביש בורדובסקי **ובנו** אביגדור; פייביש דימאנט; טרייטל הירש רוזנטל **ובניו**; לשצינסקי; א. ל. קונינסקי (**בישראל**), אליעזר שמואל קונינסקי **ובניו**; איטשה מאיר איידלמן **ועוד.**

**בפרבר הוורשאי היה בית־תפילה שני והוא ברחוב השדרות.**

**לאחר 24 שנות פעולה נסגר בית הכנסת „לינת צדק". האנשים הועברו העירה. והידיעה האחרונה שנתקבלה מר׳** יוסף זאב בראנד **הי"ד** ומאסתר חיה בראנד ובנה מרדכי **הי"ד, שהוגלו לגליציה, לעיר קרוסנו, היתה באפריל 1942.**

**לבסוף אעמיד ציון לאחד מתושבי הפרבר והוא** ר׳ נטע בראנד **— איש רב פעלים. נתן יד למגביות הציוניות, סגן יו"ר של קרן היסוד (זכורה עבודתו עם הרב** י. ל. פישמן, **שפעל בשליחות קרן היסוד); היה בין מייסדי החדר המתוקן הראשון „תורה ודעת", שימש בתפקיד מנהל משק בגימנסיה העברית, ולא קיבל פרס בעבור טרחתו. הוא נפטר בכ"ד באדר תרצ"ו.**



**הועד של הגימנסיה העברית בקולו, בשנת 1927**
**פאַרוואַלטונג פון דער העברעישער גימנאַזיע אין 1927**
בשורה ראשונה (מימין לשמאל, יושבים): **משה לייב לוין, יעקב ראוך, יהושוע ענגעלמאן, יצחק גוטמאן.** בשורה השניה: **טכורז׳, פירניקז׳, אברהם פלדמן, עקיבא כהן.** עומדים: **א. קונינסקי, קרשניבסקי, נתן בראנד, פיבוש ול. בז׳וסטובסקי**

**אברהם קמפינסקי**

# „ימים" ושנים בקולו

## א

בשנת 1922 עשיתי היכרות ראשונה עם העיר קולו, שאליה גליתי כדי ללמוד תורה.

נער בן שמונה הייתי, כאשר המלמד שלי בעיירה וולדיסלבוב (ריסישיץ׳) הודיע לאבי, כי העניק לי את כל ידיעותיו וכעת אני זקוק למורה טוב ממנו. בשורה בלתי רגילה זו שמחה, כמובן, את אבי; אולם גם הדאיגה אותו: שוב הוצאה בחינוך הבנים... מהיכן יקח כסף להזמין מלמד מיוחד, שכן חברים־תלמידים אינם מצויים בקהילונת זו.

בוקר אחד לקחני אבי והביאני אל השוק. מכאן נסענו בעגלה לקונין ומשם לקולו. בדרך לא שוחחנו הרבה. תשובה אחת היתה בפיו לכל שאלותי: אנו נוסעים, בני, למצוא מלמד בר־אוריין, שיקדם אותך בלימודי־קודש ובלימודי־חול.

סובבנו בחוצות קולו, ואבי התענין אצל ידידיו, אם נמצא בעיר מלמד אחראי להפקיד בידיו בן רך בשנים, שיוכל גם לסעוד אצלו. כיון שלא נמצא כזה — פנה אבי אל בית הספר הדתי „עץ חיים", מעין „חדר", מתוקן, וביקש שיקבלוני.

זכורה לי שעת עמידתנו בלשכת המנהל יצחק מאיר בוך. איש זה, בעל הדרת־פנים וזקן ארוך ולבן, נעץ בי את עיניו הבוחנות. אבי תינה לפניו את קשיי החינוך בעיירה, וביקשו לספחני אל תלמידי המוסד הזה. את פרטי השיחה לא אזכור; אולם כל הזמן היתה לי הרגשה, כי מכשולים רבים נערמים בדרכי.

לאחר שיחה מייגעת באה התשובה המאכזבת: „הוא צעיר מדי ואין לי בעבורו כיתה מתאימה!".

— „אל תסתכל בקומתו אלא — — — הפציר בו אבי בקול מתחנן.

— „והיכן יסעד?" — נתרכך במקצת המנהל.

— „עלי ועל צווארי" — השיב אבי — „לא יגווע ברעב בעיר ואם בישראל".

— „אבל עליו להיבחן תחילה!" — הודיע המנהל.

אבי ניגש אלי ולחש באזני: „הבחינה תכריע הכל! התחזק! זיי א מענטש!".

נשמע צלצול. שעת ההפסקה הגיעה. המורים־המלמדים התאספו בלשכה, התבוננו בי ובאבי, ואז אמר המנהל אל המלמד אברהם־יהודה:

— „בחן את ידיעותיו!".

מיד הוציא הלה ספר תנ"ך, פתח בפרשת „משפטים" ואמר: „קרא!".

— „אלה המשפטים אשר תשים לפניהם" — התחלתי קורא בקול מזמור — „שש שנים יעבוד".

— „מי יעבוד? עבד עברי, או עבד נכרי?".

— „עבד עברי!" — עניתי בעוז — „כי עבד נכרי הוא עבד עולם".

הבוחן נשק לספר וסגר אותו. לבי פעם בחזקה: כל כך מהר? הנכשלתי? בחיוך אמר למנהל: „ה,עברי' שלו בסדר, וגם את פירוש המלים הוא יודע. המנהל עוד היסס.

— „כעת אני אשאל שאלות!".

התרגשתי. פחדתי מפני המבחן השני. אולם מבחן זה לא היה מכוון אלי. המנהל ביקשני לצאת, והוא שוחח עם אבי בענייני שכר.

כשיצא אבי אלי נהרו פניו, וידעתי כי מעתה אלמד תורה בעיר „הגדולה".

## ב

מוולדיסלבוב לקולו — מעבר זה עודדני. קולו היתה בעיני כרך גדול, בהשוואה לעירי. שיעשעתי את נפשי: פה אעשה חיים, לא כל אחד זוכה לכך, אהיה עצמאי, חברי יהיו גדולים ואלמד מהם „גבורות", כיצד לעמוד נגד „שקצים". אולם שמחתי לא ארכה: החלו ימים של אכילת „ימים" — סעדתי בכל יום אצל משפחה אחרת בעיר, כי פנימיה לא היתה בבית הספר. לא בכל מקום היה המזון בשפע, ותיאבוני גבר דווקא באותם ימים שהסעודה היתה דלה ובצמצום.

רוב ימי השבוע לא ידעתי שובע. אצל כורך הספרים היו אוכלים יום־יום כופתאות ו„צימעס" ומרק ולחם־קיבר. הסנדלר — אף שולחנו היה שולחן עוני. אף פעם לא זכיתי לבוא בשעה שכל המשפחה סעדה. השאירו לי צלחת וקערונת ושתי פרוסות לחם. רווח יחיד מסעודה זו היה גביש הסוכר, ששמתי אותו בכיסי לשעה של קיבה ריקה. את התה שתיתי עם „שכל", כפי שנהוג בבתי עניים.

מהימים הרעים — ל„ימים הטובים".

המקום הראשון במעלה היה אצל שואל שורעק, סוחר אריגים, עשיר שבעשירים. היום הזה היה בשבילי כיום חג. השולחן היה משופע באוכל. המבט בק־דרות ובצלחות דיו היה כדי להשביעני. המפה הלבנה וכלי־האוכל — כפות ומזלגות כסף — לא בכל בית יימצאו. הארוחה נמשכה כשעה. אוכלים בנימוס, מנה לאחר מנה, ואין אונס. ביום חול היתה המנה הראשונה „געפילטע פיש", שטעמם היה כטעם גן־עדן. אחריהם בא מרק איטריות שעיני שומן צפות בו. ריח ניחוח מהמטבח בישר את בואו של הבשר הצלוי. ולבסוף — לפתן ותה ממותק, ללא כל הגבלה. מה ערך יש ללחם הלבן כאשר מצויים מאכלים טובים ממנו?

בבית זה אף קיבלתי לפעמים כמה פרוטות מבעל־הבית. היו אלה „לעצט געלט" (דמי פרידה), בשעה שהיה נוסע לעיר הגדולה כדי לקנות סחורה.

המקום השני היה אצל הירשיע טויגער, סוחר ירקות.

בעונת הפירות לא היה מאושר כמוני: כל תפוח ואגס שהחלו להירקב — ניתנו לי. כאן אכלו לא בצלחות אלא בקדרות. בני משפחה זו היו ידועים בעיר כאכלנים, ומימרה היתה רווחת עליהם „זיי פלאצן נישט פון קנאה, נאר פון פעטקייט".

בערבים הייתי ציפור־דרור והלכתי לבית־המדרש. כאן הטיתי אוזן לשיחות הגדולים על פוליטיקה ועל מריבות בדבר שוחטים. כאן אף שמעתי מעשה שהחריד את כל תושבי העיר: הקברן פשט מהמתים את התכריכים ומכר אותם לאיכרים... ושערות ראשי סמרו מאימה. כשחזרתי למקום המגורים שלי, בחדר המרתף אצל משפחה ענייה, הוצאתי גביש סוכר מצרורי ולקחתי כוס מים ובזאת סיימתי את יומי. אמרתי תפילת „קריאת שמע" בכוונה, סגולה נגד חלומות רעים.

## ג

שש־עשרה שנה עברו מאז עזבתי את קולו ולא האמנתי כי אשוב אליה. מעיר קונין הסמוכה אמנם עקבתי אחר כל המתרחש בה, עמדתי בחליפת מכתבים עם כמה אנשים, עסקנים בתנועה של ארץ ישראל העובדת — אבל לא ביקרתי בה.

יום אחד הוזמנתי להרצות בי"א באדר, באקדמיה לזכר „תל חי". ברצון רב ובשמינית של גאווה יצאתי לקולו — לגמול גמול ראשון על התורה ששאבתי כאן. רציתי ללכת לכל מקום שבו סעדתי ולהביע את תודתי, לפגוש את מלמדי וללחוץ את ידם. לבי היה שופע ברכה לכל, עד כדי לחבק את כל הבא לקראתי.

האולם של התיאטרון בשוק החדש היה מלא מפה אל פה. עמדתי שוב כמו לפני בחינה. את כל ידיעותי פרקתי מעלי.

אחרי ההרצאה, החלפנו דברים על הרחוק־קרוב — על הישוב בארץ, העומד במלחמה קשה עם שלטון המנדט ועל ימי־המאורעות שהחלו אז בארץ...

## ד

קולו, ב־18 בנובמבר 1939.

ברגל וברכב עשיתי את דרכי לכאן, כדי להמשיך מהר־מהר — אין לאבד אפילו שעה אחת. המלחמה בעיצומה. אסור לשהות כאן שעה יתרה, כי עלול אתה להיהרג. כבוד פולין חולל. הארץ רמוסה, לוחמיה הובסו.

עברתי בכמה רחובות — שקט של בית־עלמין. עיר זו ששקקה חיים, מה עבר עליה? שאלתי את אחד האנשים שהיה בהול כמוני וצרורו בידו.

— מה נשמע?

— עס איז אזוי ווי „ביינאכט איפן אלטן מארק" — הרוחות הרעות משתול־לות, נימלט על נפשותינו.

עקרתי רגלי והמשכתי במנוסה.

# דער חוט המשולש

די משפחות פון הרב ר׳ לייב פאָרדאָנסקי ז״ל, ר׳ איטשע פעלדמאַן ז״ל און ר׳ דוד־אהרן שוחט ז״ל, זיינען געווען ווי צוזאַמענגעפלאָכטן און געבילדעט איין גאַנצהייט.

יעדע איינע פון די דריי משפחות, איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. יעדע איינע מיט אירע מעלות און אייגנשאַפטן. אַלע האָבן געהערט צו די חסידישע „פּני״ פון שטאָט און מען האָט גערן געזוכט זייער נאָענטשאַפט. אגב, די דאָזיקע דריי משפחות זיינען אויך געווען געקנופּט דורך מחותנישאַפט.

עלטערע מענטשן געדענקען נאָך גוט דעם שוחט ר׳ דוד־אהרן, אפילו זיין אויסזען: אַ הויכוווּקסיקער און זיין ברייטע לאַנגע באָרד האָט פאַרדעקט זיין ברוסט. תמיד איז געלעגן אַ גוטמוטיקער שמייכל אויף זיין פּנים. פיל יאָרן האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט שחיטה און געווען באַליבט ביי אַלע שיכטן פון שטאָט. פון אים ציט זיך די פאַמיליע פאָרדאָנסקי.

הרב ר׳ משה־לייב פאָרדאָנסקי איז געווען אַ גערער חסיד. די חסידים האָבן אים געמאַכט פאַר זייער שליח־ציבור אין „שטיבל״ און געזאָגט: „זיין מתיקותדיק דאַווענען גיפּעלט מענטשן אין אוודאי אויך דעם ריבונו־של־עולם״. ער איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין לערנען, אַז זיין קאַלאַניאַל און וויין־געשעפט האָט געפירט זיין פרוי, די טאָכטער פון ר׳ מיכל טרייבער ז״ל. זי האָט געזאָרגט אויף קיום, אין מאַן — אויף עולם הבא. אין אָוונט און אין די שבתים האָט ר׳ משה געלערנט אין די חברות מיט די בעלי־בתים אַ שטיקל מדרש און אַ פּרק משניות.

איינער פון זיינע פינף זין, מיכאל־שמחה פאָרדאָנסקי, האָט פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין דער קאָלער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אויך געווען טעטיק אין אָרטיקן סוחרים־פאַריין; אַ צווייטער זון איז געווען שוחט אין קאָנין. פון אַלע זין און טעכטער איז געבליבן דער יינגסטער זון — דוד פאָרדאָנסקי, וועלכער וווינט אין ראַדעזיע.

ר׳ איטשע פעלדמאַן איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט זיך קונה שם געווען מיט זיין צדקה און איידעלן כאַראַקטער. ער האָט פיל געלייסטעט פאַר דער רעליגיעזער שולע „עץ חיים״ און געווען טעטיק אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס.

זיין הורט־געשעפט פון טעקסטיל איז געווען באַקאַנט אין שטאָט און אין דער אומגעגנט. ער האָט שטענדיק געפונען צייט פאַר זיין עסקנות על מנת שלא לקבל פּרס.

פון פעלדמאַנס משפחה, איז געבליבן אַן אייניקל, זי געפינט זיך אין ישראל. כמעט אַלע זיינען אומגעקומען אין די טראַגישע מלחמה־יאָרן.

ה—ך

